# קאָנסטיטוציאָן

— פון דיא —

## יונייטעד קלאָטה-העט אונד
## קעפ מייקערס

אָף נאָרטה 

אַמעריקאַ

פעראייניגט מיט דיא

אַמעריקאַן פעדערעישאן אָף לייבאָר.

אָרגאַניזירט מארטש 20טען, 1901.

232






# אינהאלטס פערצייכניס:

## פרינציפּען ערקלעהרונג.

אנערקענענדיג דעם פאקט דאָס דיא וועלט איז צו־טהיילט אין צוויי קלאַסען, — דער קלאַס וואָס שאפּט אַלע רייכטהימער — דער ארבייטער קלאסס, און דער קלאַס וואָס בעזיצט און קאָנטראָלירט די פּראָדוקציאָנס מיטלען — דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס;

אַנערקענענדיג דעם פאקט, דאָס די קאָנצענטרירונג פון רייכטהום און מאכט אין די הענד פון דעם קאַפּיטאַליס־טישען קלאַס איז די אורזאכע פון דעם ארבייטער׳ס עקאָ־נאָמישע אונטערדריקונג; און

אַנערקענדיג דעם פאקט דאָס נור דורך אָרגאַניזאַציאָן און דורך פּעראייניגטער מאכט קענען די ארבייטער אויס־קעמפּפען זייערע רעכטע צו געניסען פון די רייכטהי־מער וועלכע זיי שאפען,

דאַרום האָבען מיר, די ארבייטער פון העט און קעפּ טרייד, געגרינדעט דיעזע אָרגאַניזאַציאָן אונטער דעם נאָמען „דיא יונייטעד קלאָטה העט און קעפּ מייקערס אָף נאָרטה אַמעריקא“, מיט דעם צוועק צו אויסבעסע־רען אונזערע קאָנדיציאָנען, און דורך פעראייניגטער האנדלונג צו קריגען אונזער חלק פון די פּראָדוקטען וועל־כע מיר שאַפען;

צו איינפיהרען אַ קירצערען ארבייטס־טאָג; צו ער־הויבען אונזערע מאָראַלע און אינטעלעקטועלע בעגריפע, און צו ענטוויקלען אונזער קלאַסען בעוואוסטזיין דורך פּראָפּאָגאנדא און דורך דער ארבייטער פּרעססע; צו פעראייניגען זיך מיט דער אללוועלטליכער ארבייטער בע־וועגונג פאַר דער ענדליכער בעפרייאונג פון דעם לוין ארבייטער און פאַר דער איינפיהרונג פון א קאָאָפּעראַ־טיווער געזעלשאפט.

# קאָנסטיטוציאָן

## אַרטיקעל 1.

### נאָמען און געריכטסבאַרקייט.

סעקשאָן 1. דיעזע קערפּערשאפט זאָל הייסען: „דיא יונייטעד קלאָטה־העט און קעפּ מייקערס אָף נאָרטה אמעריקא", נור דיעזע קערפּערשאפט זאָל האָבען די מאַכט צו גרינדען אונטער געאָרדענטע לאָקאל יוניאָנס פון דעם מרייד, און נור זי זאָל האָבען דאָס רעכט ענטגילטיג צו בעשטימען און שליכטען אנגעלעגענהייטען פון אַלגעמיינער וויכטיגקייט צום וואָהל און בעסטען פון די לאָקאל יוניאָנס און זייערע מיטגליעדער. צו גלייכער צייט האָבען דיא לאָקאלס דאָס רעכט צוא מאַכען אַלע נויטיגע געזעצע פאַר זייערע לאָקאַלע זעלבסט רעגירונג, וועלכע זאָלען אָבער ניט ווידערשפּרעכען די געזעצע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָן.

דיעזע אָרגאַניזאַציאָן זאָל אויך האָבען א לייבעל, וועלכער זאָל טראָגען דעם נאָמען פון דיא יונייטעד קלאָטה־העט און קעפּ מייקערס אָף נאָרטה אַמעריקא.

סעק. 2. דיא גאַנצע געזעצגעבענדע מאַכט זאָל ליגען אין דיא הענד פון דיא יונייטעד קלאָטה־העט און קעפּ מייקערס אָף נאָרטה אַמעריקא, ווען דיא זעלבע איז פערזאַמעלט אין אַ קאָנווענשאָן, מיט דער אויסנאהמע וויא עס ווערט ווייטער אָנגעצייגט. איהר עקזעקוטיווע און געריכטליכע מאַכט, ווען ניט פערזאמעלט אין קאָנווענשאָן, זאָל געהערען צו דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באָאַרד.

## אַרטיקעל 2.
### הויפּט אָפּיס.

סעק. 1. דער הויפּט אָפּיס פון דיא יוניוטעד קלאָטה־העט און קעפּ מויקערס אָף נאָרטה אַמעריקא זאָל זיך געפינען אין דער שטאָדט ניו יאָרק, און קען פון דאָרט אויבערגעפיהרט ווערען נור דאַן, ווען צוויי דריטעל פון דער גאַנצער מיטגליעדערשאפט וועלען אזוי בעשטימען.

סעק. 2. דיא יוניוטעד קלאָטה־העט און קעפּ מויקערל אָף נאָרטה אמעריקא זאָל ניט אויפגעלעזט ווערען אזוי לאַנג ווי עס וועלען בלייבען דריו (3) איבער־איינשטימיגע לאָקאַלס.

סעק. 3. דיא פאָלגענדע אָבקורצונגען, ווען געברויכט אין אירגענד ועלכען דאָקומענט, זאָלען האָבען דיא פאָלגענדע בעדייטונגען:

י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. אַ. — יוניוטעד קלאָטה־העט ענד קעפּ מויקערס אף נאָרטה אַמעריקא.

דזש. ע. ב. — דזשענעראל עקזעקוטיוו באָארד.

דזש. סעק.־טרעז. — דזשענעראל סעקרעטערי־טרעזשורער.

## אַרטיקעל 3.
### דזשענעראל קאָנווענשאָנס.

סעק. 1. דיא יוניוטעד קלאָטה־העט ענד קעפּ מויקערס אָף נאָרטה אַמעריקא זאָל זיך פערזאַמלען יעדע צוויי יאָהר אין אַ דזשענעראל קאָנווענשאָן, דעם ערשטען מאי, אום 10 אוהר מאָרגענס, אין א פּלאַץ וואָס איז בעשלאָסען געוואָרען ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן, אָדער ביי דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באָארד, ווען זי איז זאָ בעאויפטראגט, פון דער קאָנווענשאָן.

סעק. 2. אַ ספּעציעל קאָנווענשאָן קען גערופען ווערען דורך דער דזשענ. עק. ב. אויף א פאָרשלאג פון דריו

(3) גוטשטעהענדע לאָקאַל יוניאָנס ניט פון דער זעלבער שטאָדט. אזא פאָרשלאג מוז איבערגעגעבען ווערען צו א רעפערענדום וואוט, און מוז בעשטימט ווערען פון צוויי דריטעל פון די לאָקאַלס.

אַ ספּעציעל קאָנווענשאָן קען אויך גערופען ווערען דורך דעם איינשטימיגען פערלאנג פון אַלע מעמבערס פון דער דזש. ע. ב., ווען דיא געשעפטען פון דער אָר־גאַניזאַציאָן פאָדערען דאָס.

סעק. 3. לאָקאַל יוניאָנס זאָלען זיין בערעכטיגט צו פערטרעטונג אין דער קאָנווענשאָן לויט דער דורכ־שניטליכער צאָהל מיטגליעדער, פאר וועלכע זיי האָבען בעצאָהלט פער קעפּיטא טעקס פאר 3 מאָנאַטען, וועלכע ענדיגען זיך דעם 28טען (אָדער 29טען) פעברואַרי פאר דער קאָנווענשאָן.

סעק. 4. לאָקאַל יוניאָנס, וועלכע האָבען 100 אָדער וועניגער מיטגליעדער זיינען בערעכטיגט צו איין (1) דעלעגאַט; אויב מעהר פון 100 ביז 400 זיינען זיי בערעכטיגט צו 1 עקסטרא דעלעגאַט פאר יעדע 100, און אריבער 400 — צו איין עקסטרא דעלעגאַט פאר יעדע 300 מיטגליעדער.

סעק. 5. אלע לאָקאַל יוניאָנס זאָלען בענאַכריכטעט ווערען פון דעם דזש. סעק.־טרעז., זעכציג (60) טעג פאר דער קאָנוונשאָן, וועגען די צאָהל דעלעגאַטען צו וועלכע זיי זיינען בערעכטיגט, לויט זייערע בייטרעגע פון פער קעפּיטא טעקס. אין פאַל אָבער פון א ספּעציעל קאָנווענשאָן פון די יונייטעד קלאָטה־העט און קעפּ מייר־קערס אָף נאָרטה אמעריקא, זאָלען אלע דעלעגאַטען פון דער פאָריגער קאָנווענשאָן געשיקט ווערען צו פערטרעטען זייערע לאָקאַלס ביי דער ספּעציאל קאָנווענשאָן.

סעק. 6. דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן און זייערע

שטעלפערטרעטער זאָלען ערוועהלט ווערען ביי אַ ספּע־ציעל מיטינג פון זייערע לאָקאַל יוניאָנס ניט שפּעטער וויא 30 טעג פאר דער קאָנוועגשאָן, און אַ מאַיאָריטעט שטימען זאָל בעשטעטיגען דיא ערוועהלונג.

סעק. 7. קיין מעמבער זאָל זיין וואהלבאר אלס דע־לעגאט אָדער אַלס זיין שטעלפערטרעטער, סיידען אַ גוט־שטעהענדער מיטגליעד פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א. פיר וועניגסטענס 12 מאָנאַטען, און אַ מיטגליעד אין דעם לאָקאל, וועלכען ער (אָדער זיא) פערטרעט, פיר וועניגסטענס 3 מאָנאטען בעפאָר דיא ערוועהלונג, אויב דיא לאָקאַל יוניאָן עקזיסטירט זאָ לאנג.

אין פאַל ווען אַ דעלעגאט קען אויס אירגענד וועלבע אורזאַבען ניט אטענדען דיא קאָנוועגשאָן, זאָל דער שטעלפערטרעטער, וועלבער האָט ערהאַלטען דיא גרעסטע צאָהל שטימען פערנעהמען דיא שטעלע פון דעם דעלעגאט.

סעק. 8. דעלעגאטען זאָלען בעשטעטיגען זייער רעכט צו אַ זיטץ ביי דער קאָנוועגשאָן דורך אַ קרעדענשעל, אונטערגעשריבען פון דעם טשערמאַן און סעקרעטערי, מיט דעם זיעגעל פון דער לאָקאַל יוניאָן.

סעק. 9. יעדער דעלעגאט איז נור בערעכטיגט צו איין שטימע.

סעק. 10. קרעדענשעלס זאָלען צוגעשיקט ווערען צו דעם דזשענ. סעק. טרעז. צוויי וואָכען פאר דער קאָנ־וועגשאָן.

סעק. 11. ניט שפּעטער וויא 2 וואָכען פאר דער קאָנוועגשאָן זאָל דיא דזשענעראל עקזעקוטיוו באַארד ערוועהלען אַ פינאנס קאָמיטעע פון דיא ערוועהלטע דע־לעגאטען, בעשטעהענד פון ניט וועניגער פון 3 און ניט מעהר פון 5 מיטגליעדער; דיעזע קאָמיטעע זאָל אונ־

טערזוכען דיא ביכער פון דעם דזשענעראל סעקרעטערי־טרעזשורער און זאָל בעריכטען צו דער קאָנווענשאָן.

סעק. 12. דיא עקספענסעס פון דיא דעלעגאטען צו דער קאָנווענשאָן זאָלען בעצאָהלט ווערען פון דיא לאָקאַל יוניאָנס, וועלכע זיי פערטרעטען.

סעק. 13. דער דזשענ. סעק.־טרעז., אין פאל ער איז ניט קיין דעלעגאט, זאָל צוגעלאָזט ווערען אַלס דעלעגאט עט לארדזש, אום ער זאָל קענען זיין אנוועזענד און זיך בעטהייליגען ביי דער קאָנווענשאָן.

סעק. 14. קיין לאָקאַל יוניאָן זאָל זיין בערעכטיגט צו פערטרעטונג צו דער קאָנווענשאָן, סיידען איהר פער קעפּיטא טעקס און אסעסמענטס איז בעצאָהלט געוואָרען ביז 1 מאָנאַט פאר דער קאָנווענשאָן.

סעק. 15. צוויי דריטעל פון דיא דעלעגאטען זאָלען בילדען אַ קוואָרום פאר דיא פערהאנדלונגען פון דיא געשעפטען פון דער קאָנווענשאָן.

דיא קאָנווענשאָן זאָל זיך פיהרען נאָך דער פאָלגענדער טאַגעס אָרדנונג, סיידען דיא זעלבע ווערט סוספּענדירט פון צוויי דריטעל מאַיאָריטעט:

טאַגעס אָרדנונג.

1. ערעפנונג פון דער קאָנווענשאָן דורך דעם דזשענעראל סעקרעטערי־טרעזשורער.
2. רופען צו אָרדער דורך דעם טשערמאן.
3. ערנענונג פון אַ קרעדענשעל קאָמיטע.
4. בעריכט פון דער קרעדענשעל קאָמיטע.
5. פאָרלעזונג פון דיא נעמען פון דיא דעלעגאטען.
6. בעריכט פון בעאמטע.
7. פאָרלעזונג פון פּראָטאָקאָל.
8. ערנענונג אָדער ערוועהלונג פון דיא פאָלגענדע קאָמיטעס: פּרעס, רעזאָלוציאָנס, געזעץ, אפּיעלס און

קלאַגען, אָרגאַניזאַציאָנס, קראנקען בענעפיטס, בעריכט פון בעאמטע, לייבעל, און פערשיעדענע געגענשטענדע.

9. בעריכט פון דיא לאָקאַל יוניאָנס.

10. בעריכט פון קאָמיטעס.

11. אונערלעדיגטע געשעפטען.

12. נייע געשעפטען.

13. ערוועהלונג פון בעאמטע און דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן פון דער אמעריקאַן פעדערייישאָן אָף לייבאָר.

14. בעשטימען אַ פלאַץ פאר דער נעכסטער קאָנווענשאָן.

15. צום וואהל און בעסטען.

16. שלוס דער קאָנווענשאָן.

סעק. 16. בעפאָר דיא שליסונג פון יעדער זיצונג זאָל ערוועהלט ווערען אַ טשערמאַן פאר דער נעכסטער זיצונג; דער טשערמאַן זאָל ביי דער ערעפנונג פון יעדער זיצונג אַפּוינטען אַ וויים־טשערמאַן און אַסיסטענט־סעקרעטערי.

## אַרטיקעל 4.

### רעפערענדום וואוט.

סעק. 1. אירגענד וועלכע אמענדמענטס צו דער קאָנסטיטוציאָן, וועלכע ווערען אָנגענומען ביי אירגענד אַ זיצונג פון דער קאָנווענשאָן, זאָלען נור דאַן בעטראַכט ווערען אלס געזעץ, ווען אָנגענומען פון אַ מאַיאָריטעט שטימען פון דער גאנצער מיטגליעדערשאַפט. דער דזשענ. סעק.־טרעז. זאָל אין צייט פון 30 טעג נאָך דער קאָנווענשאָן אויסשיקען אלע אַמענדמענטס צו די לאָקאַל יוניאָנס פאר אַ רעפערענדום וואוט.

סעק. 2. יעדער אנטראַג צו אמענדירען דיא קאָנסטיטוציאָן, געמאכט ביי אַ לאָקאַל יוניאָן מוז אונטער־

שטיצט ווערען פון 3 אַנדערע לאָקאַלס, און זאָל דאַן געשיקט ווערען ביי דעם דזשענ. סעק.־טרעז. פאר אַ רע־פערענדום וואוט צו אלע לאָקאַלס, און ווען עס ווערט אָנגענומען פון אַ מאַיאָריטעט פון דיא שטימענדע מיט־גליעדער, דאן ווערט עס א געזעץ.

סעק. 3. דיא דזשענ. עק. ב. זאָל האָבען דאָס רעכט צו אָרדערען אַ רעפערענדום וואוט, ווען זיא געפינט דאָס אַ געוויסע פראגע איז פון אלגעמיינער וויכטיגקייט, און אַ מאַיאָריטעט פון דיא שטימענדע מיטגליעדער זאָל ענטשיידען.

ווען אַ רעפערענדום וואוט ווערט געאָרדערט, זאָל יעדע לאָקאַל יוניאָן רופען אַ ספּעציעל מיטינג און האַנדלען בעזונדער איבער יעדער פראגע וואָס ווערט צוגעשיקט צום אבשטימען. דער טשערמאן און סעקרעטער זאָלען ריכ־טיג פערצייכנען דיא שטימען און עס אָבשיקען צום דזשענ. סעק.־טרעז. מיט זייערע אונטערשריפטען און זיעגעל פון דער לאָקאַל יוניאָן.

סעק. 4. ווען אַ רעפערענדום וואוט ווערט געאָרדערט, זאָל דער דזשענ. סעק.־טרעז. אין צייט פון 2 וואָכען אי־בערגעבען עס צור אבשטימען, און דיא לאָקאַל יוניאָנס מוזען צושיקען זייערע שטימען פיר צעהלונג אין צייט פון 30 טעג, פון דעם טאָג וואָס דער רעפערענדום ווערט געאָרדערט.

## אַרטיקעל 5.

דזשענעראל בעאַמטע און וויא זיי ווערען ערוועהלט.

סעק. 1. דיא דזשענעראל עקזעקוטיוו באָארד זאָל בעשטעהען פון עלף (11) מעמבערס, און זיי זאָלען ער־וועהלט ווערען ביין קאָנווענשאָן פון דיא לאָקאַלס פון דער שטאָדט וואו דיא דזשענ. עקז. ב. געפינט זיך; זייער

אַמט זאָל דזיערען ביז זייערע נאָכפאָלגער ווערען געזעצ־ליך ערוועהלט.

סעק. 2. די פאָלגענדע זאָלען זיין די דזשענעראל בעאַמטע ערוועהלט פון קאָנווענשאָן: דזשענעראל סעק־רעטערי־טרעזשורער; אַסיסטענט דזשענעראל סעקרעטערי־טרעזשורער, און דזשענעראל אָרגאַניזער. דיעזע בע־אַמטע זאָלען זיין מעמבערס פון דער דזש. עק. ב.

סעק. 3. אלע מעמבערס פון דער דזשענ. עקז. ב. מוזען זיין ארבייטער פון טרייד, וועלכע זיינען גוט־שטעהענדע מעמבערס פון זייערע לאָקאַל יוניאָנס פיר ווע־ניגסטענס צוויי (2) יאָהר, און וועלכע האָבען זיך בע־טהייליגט ווענינגסטענס איין טערמין אלס מעמבערס פון זייערע לאָקאַל עקזעקוטיוו באָארדס.

סעק. 4. ווען א פלאַץ ווערט ערליידיגט אין דער דזש. ע. ב. זאָל דיא זעלבע נאָמינירען איינעם פון אירגענד וועלכען לאָקאַל פון דער שטאָדט, וואו דיא דזש. ע. ב. געפינט זיך און ארויסשיקען דיא נאָמינאַציאָן פיר אב־שטימונג צו דיא לאָקאַלס פון דער זעלבער שטאָדט. אַ מאַיאָריטעט שטימען זאָל ענטשיידען דיא ערוועהלונג פון אזא מעמבער צו דער דזש. ע. ב.

## אַרטיקעל 6.

### פפליכטען פון דזשענעראַל בעאַמטע.

### דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד.

סעק. 1. דיא דזשענעראל עקזעקוטיוו באָארד זאָל אָפּהאַלטען איהרע מיטינגען צו אַ געוויסער צייט בע־שטימט פון דער דזש. ע. ב. דיא מיטינגען זאָלען געפיהרט ווערען פון אַ טשערמאַן, ערוועהלט ביי יעדען מיטינג, וועלכער זאָל האנדלען אונפּאַרטייאיש, און זאָל זעהען דאָס אלע בעשליסע פון דער דזש. ע. ב. זאָלען דורכגע־פיהרט ווערען.

סעק. 2. דיא דזש. ע. ב. זאָל ענטשיידען אלע גע־זעצליכע פראגען, וועלכע ענטשטעהען אונטער דיא יו־ריסדיקשאָן פון דיא י. ק. ה. ענד. ק. מ. אָף נ. א., וויא אויך פאָדערונגען, קלאגען און אַפּיעלס. זאָלכע ענטשיי־דונגען זאָלען זיין ענטגילטיג, סיידען זיי ווערען אויף אַן אַפּיעל אומגעענדערט ביי דער נעכסטער דזשענעראל אָדער ספּעציעל קאָנווענשאָן.

סעק. 3. דיא דזש. ע. ב. זאָל האָבען דאָס רעכט צו בעשטעטיגען סטרייקס אין אנקלאנג מיט דיזער קאָנ־סטיטוציאָן, און זאָל האָבען דיא אלגעמיינע איבערזיכט איבער אַלע געשעפטען און אייגענטהום פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א.

סעק. 4. דיא דזש. ע. ב. זאָל פון צייט צו צייט אונ־טערזוכען דיא ביכער פון דיא לאָקאַל יוניאָנס, און דיא לאָקאַל יוניאָנס מוזען צושטעלען זייערע ביכער אויף דער פאָדערונג פון דער דזש. ע. ב.

סעק. 5. דיא דזש. ע. ב. זאָל אונטערזוכען דיא ביכער פון דעם דזש. סעק.־טרעז. יעדע זעקס מאָנאַטען, דורך אַ קאָמיטע פון דער דזש. ע. ב.

סעק. 6. דיא דזש. ע. ב. זאָל ביי איהר ערשטען מיטינג באַלד נאָך דער קאָנווענשאָן ערוועהלען אַ דזשע־נעראל קראנקען בענעפיט קאָמיטע, טראָסטיס און אַ טרע־זשורער פאר דעם קראנקען בענעפיט פאָנד, און טראָסטיס פאר דעם אַלגעמיינעם פערטהיידיגונגס פאָנד.

סעק. 7. אירגענד א מעמבער פון דער דזש. ע. ב. זאָל האָבען דאָס רעכט צו ביִיוואָהנען מיטינגען פון א לאָקאַל יוניאָן אָדער אַ לאָקאַל עקזעקוטיוו באָארד, און זאָל האָבען דאָס רעכט צו בעטהייליגען זיך אין אַ פראגע.

אירגענד אַ מעמבער פון דער דזש. ע. ב. זאָל האָבען דאָס רעכט צו בעטהייליגען זיך אין פראגען און פער־האַנדלונגען פון אַ קאָנווענשאָן, אָהנע שטימרעכט.

סעק. 8. דער דזשענעראל סעקרעטער־טרעזשורער זאָל פיהרען אַ ריכטיגען רעקאָרד פון אלע פערהאנדלונגען ביי דער קאָנווענשאָן, און זאָל דיא זעלבע לאָזען דרוקען אין דעם אָפיציעלען זשורנאַל, אָדער אין א פּאַמפלעט אָדער אין א בוך. ער זאָל אָפּגעבען צו דער צוויי יעהרליכער קאָנווענשאָן אַ בעריכט מיט אזעלכע רעקאָמענדאַציאָנען, וועלכע ער געפינט פאַר נויטיג.

סעק. 9. דער דזש. סעק.־טרעז. זאָל פיגורירען אלס סעקרעטער פון דער דזש. ע. ב. ער זאָל ערהאלטען אלע אַפּליקיישאָנס פאר טשאַרטערס, און ארויסגעבען דיא זעלבע ווען זיי ווערען גוט געהייסען פון דער דזש. ע. ב. ער זאָל פיהרען דיא קאָררעספּאָנדענץ פון דער דזש. ע. ב. און זאָל פאָרלעגען פאר זיי דיא זעלבע, און זאָל זיין אונטער דער אויפזיכט פון דער דזש. ע. ב. ער זאָל אָפּהיטען אלע וויכטיגע דאָקומענטען, פּאַפּיערען, ביכער, בריעף, וועלכע ער ערהאלט און קאָפּיעס פון בריעף וועלכע ער שיקט ארויס פאר דיא געשעפטען פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אף נ. א.

סעק. 10. דער דזש. סעק.־טרעז. זאָל זיין דער פערוואלטער פון דעם יוניאָן לייבעל, און פון דעם זיעגעל פון דיא י. ק. ה. און ק. מ. אף נ. א. ער זאָל ערהאלטען אלע געלדער פאר דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אף נ. א. און זאָל צוטהיילען דיא געלדער צווישען דיא פערשיעדענע פאָנדס. ער זאָל פיהרען אַ ריכטיגען רעכנונג פון אלע פינאנציעלע געשעפטען פון דער דזש. ע. ב. און זאָל אָפּגעבען רעכנונג פאר דיא זעלבע געלדער ביי יעדען מיטינג פון דער דזש. ע. ב. ער זאָל פיהרען בעזונדערע רעכנונגען פון פּאָסטיידזש, טעלעגראמען, פּרינטער און אָפיס אויסגאבען, וויא אויך אלע בילס פון אָרגאַנייזערס און דזשענעראל בעאמטע.

ער זאָל אויסגעבען לייבעלס צו דיא סעקרעטערס אָדער לייבעל האָלדערס פון דיא פערשיעדענע לאָקאַל יוניאָנס, זאָל האלטען א גענויען רעכנונג פון אַלע לייבעלס, און זאָל אָפּגעבען וועגען דעם אַ פוללען בעריכט צו דער קאָנ־ווענשאָן.

סעק. 11. דער דזש. סעק.־טרעז. זאָל סופּלייען דיא לאָקאל יוניאָנס מיט איין־פאָרמיגע פינאַנץ ביכער, זאָ ווי לעדזשערס, טאַגע־ביכער, קעש־ביכער, רעסיט־ביכער א. ז. וו., און דיא לאָקאַל יוניאָנס זאָלען ניט געברויכען קיינע אַנדערע ביכער, וויא נור דיא וועלכע דער דזש. סעק.־טרעז. שיקט זיי.

ער זאָל אויסשיקען צו דיא לאָקאַל יוניאָנס אַ פינאנץ בעריכט יעדע 6 מאָנאַטען; ער זאָל אויפמערקזאַם מאַכען דיא לאָקאַלס וועו זיי זיינען ריקשטעהענד צוויי מאָנאַטען.

סעק. 12. דער דזש. סעק.־טרעז. זאָל פיהרען אַ בוך, אין וועלכען עס זאָל זיך געפינען דער נאָמען פון יעדען מעמבער פון דיא י. ק. ה. און ק. מ. אף נ. א. און זיינע שולדען צו דער זעלבער; דיעזער בוך זאָל בעשטעהן פון רעפּאָרטס פון דיא לאָקאל יוניאָנס, און זאָל דיענען אַלס צייגניס פאַר דעם דזש. סעק.־טרעז., און פאַר דער דזשענעראל קראנקען בענעפיט קאָמיטע צו בעשטימען אויב אַ מעמבער איז גוטשטעהענד און איז בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט אָדער ניט. ער זאָל ארויסגעבען צו יעדען מעמבער פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אף נ. א. אַ מיטגליעדס־בוך, וועלכער זאָל האָבען דעם זעלבען נו־מער, וויא עס איז אָנגעגעבען אין דעם בוך פון דזש. סעק. טרעז. געגענאיבער דעם מעמבערס נאָמען.

סעק. 13. דער דזש. סעק.־טרעז. זאָל אָפּגעבען זיין גאַנצע צייט פאר דיא דיענסטע פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אף נ. א.; ער זאָל קריגען אזא געהאלט, וויפיעל דיא

קאָנווענשאָן וועט בעשליסען, און ער זאָל געבען אַ באָנד פון צוויי טויזענד דאָללאר.

אסיסטענט דזשענעראל סעקרעטער־טרעזשורער.

סעק. 14. דער אסיסטענט דזש. סעק.־טרעז. זאָל העל־פען דעם דזש. סעק.־טרעז אין דער ארבייט פון דעם דזשענעראל אָפיס, און אין דער אַבוועזענהייט פון דעם דזש. סעק. טרעז. זאָל ער ערפיללען זיינע פפליכטען.

ער זאָל אָפּגעבען זיין גאנצע צייט פאר דיא דיענסטע פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א. און ער זאָל זיין אונטער דער לייטונג פון דעם דזש. סעק.־טרעז.; ער זאָל קריגען אזא געהאלט, וויפיעל דיא קאָנווענשאָן וועט בעשליסען.

דזשענעראל אָרגאַנייזער.

סעק. 15. דער דזשענעראַל אָרגאַנייזער זאָל ער־וועהלט ווערען פון דער קאָנווענשאָן אָדער פון דער דזש. ע. ב., אויב דיא קאָנווענשאָן איז ניט אומשטאַנד צו ערוועהלען איינעם, און ער זאָל זיין אונטער דער לייטונג און יוריסדיקשאָן פון דער דזש. ע. ב. ער זאָל פיהרען אַ רעקאָרד פון דיא ארבייט וועלכע ער טהוט אויף, און זאָל געבען אַ גענויען רעפּאָרט וועגען דעם צום קאָנווענ־שאָן. צו ענדע פון יעדע וואָך זאָל ער צושטעלען צום דזש. סעק.־טרעז. אַ גענויען רעכנונג פון זיינע אויסגאַ־בען אין דיא אינטערעסען פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א.

סעק. 16. דער דזשענעראל אָרגאַנייזער זאָל אָפּגעבען זיין גאנצע צייט פאר דיא דיענסטע פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א. און זאָל קריגען אזא געהאלט, וויפיעל דיא קאָנווענשאָן וועט בעשליסען.

## ארטיקעל 7.

### פאָנדס.

סעק. 1. יעדע לאָקאַל יוניאָן זאָל צאָהלען צום דזש. סעק.־טרעז. א סוממע פון 7.50$ אַלס איינטריטס געלט פאר יעדען נייעם מאַן מיטגליעד, און 4.50$ פאר יעדע פרוי מיטגליעד, וועלכע זאָלען צוטהיילט ווערען וויא פאָלגט: 2.50$ פון יעדען מאַן מיטגליעד און 1.50$ פון יעדע פרוי מיטגליעד זאָל געהען צום קראנקען בענעפיט פאָנד, און 5.00$ פון יעדען מאַן מיטגליעד און 3.00$ פון יעדע פרוי מיטגליעד זאָל געהען צום אלגעמיינעם פערטהיידיגונגס פאָנד.

סעק. 2. יעדע לאָקאַל יוניאָן זאָל צאָהלען צום דזש. סעק.־טרעז. אלס פער קעפּיטא טעקס, 10 סענט אַ וואָך פון יעדען מאַן מיטגליעד, און 7 סענט אַ וואָך פון יעדע פרוי מיטגליעד, וועלכע זאָלען צוטהיילט ווערען ווי פאָלגט: 6 סענט פון יעדען מאַן מיטגליעד און 4 סענט פון יעדע פרוי מיטגליעד זאָל געהען צום דזשענעראל פאָנד, און 4 סענט פון יעדען מאַן מיטגליעד און 3 סענט פון יעדע פרוי מיטגליעד זאָל געהען צום קראַנקען בענעפיט פאָנד.

סעק. 3. פערזאָנען וועלכע לוידען פון כראָנישע קראַנקהייטען, און אויך צייטוויוויליגע ארבייטער, זאָלען ארויגגענומען ווערען אין דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אף נ. א. אלס ניט־בענעפיציעלע מיטגליעדער ניט בערעכטיגטע צו קראנקען בענעפיט.

דיא איינטריטס געלט פאר אזעלכע ניט־בענעפיציעלע מיטגליעדער, וואָס דער לאָקאַל זאָל צאָהלען צום דזש. סעק.־טרעז. זאָל זיין 25 סענט (פאר מאַן אָדער פרוי), און דיא פער קעפּיטא טעקס וואָס דער לאָקאַל זאָל צאָהלען צום דזש. סעק.־טרעז. זאָל זיין: 6 סענט אַ וואָך פאר יעדען מאַן מיטגליעד און 4 סענט אַ וואָך פאר יעדע

פרוי מיטגליעד, — ווערכעס געהט צום דזשענעראל פאָנד.

אלע געלדער פאר טשאַרטערס און פאר סופּלייס וואָס ווערען פערקויפט צו דיא לאָקאַל יוניאָנס זאָלען געהן צום דזשענעראל פאָנד.

סעק. 4. דיא געגנאַנטע פאָנדס, לויט וויא עס איז אָנגעדייטעט אין דיא סעקשאָנס 1, 2 און 3, זאָלען גע־ברויכט ווערען וויא עס ווערט ווייטער אָנגעצייגט, און זיי זאָלען זיין בעוואוסט אלס: דער דזשענעראל פאָנד, דער קראנקען־בענעפיט פאָנד, און דער אלגעמיינער פער־טהיידיגונגס־פאָנד.

סעק. 5. אַ לאָקאַל יוניאָן, וועלכע איז ריקשטעהענד אין 3 מאָנאַטען זאָל ערלויבט זיין אָפּצוצאָהלען איהרע שולדען ביז דעם 15טען טאָג אין 4טען מאָנאט; אין פאלל עס וועט ביז דאן ניט בעצאָהלט ווערען, זאָל דער לאָקאַל סוספּענדירט ווערען, און דיא מעמבערס זאָלען פאָלגליך פערלירען דאָס רעכט צו קראַנקען בענעפיט.

סעק. 6. דיא דזשענעראל עקזעקוטיוו באָאַרד זאָל האָבען דיא מאַכט, אין צייט פון אַ נויטהפאלל, צו ארויפ־לעגען אן אסעסמענט אויף דיא לאָקאל יוניאָנס אָדער אויף דער אלגעמיינער מיטגליעדערשאַפט.

אַלע אַסעסמענטס זאָלען האָבען דעם פאָרטהייל איבער פער קעפּיטא טעקס.

## דער דזשענעראל פאָנד.

סעק. 7. דער דזשענעראל פאָנד זאָל געברויכט ווערען צו דעקען דיא אלע אויסגאבען פון דער דזש. ע. ב., צו בעצאָהלען דיא געהאַלט פון בעאמטע, צו שטיצען דיא אָנגעשלאָסענע לאָקאַל יוניאָנס פאַר סטרייקס, לייבעל אַגי־טאַציאָן, אָרגאַניזאציאָנס ארבייט א. ז. וו.; צו שטיצען אנדערע ארבייטער אָרגאַניזאציאָנען, און דיא ארבייטער בעוועגונג אין אלגעמיין. דער דזשענעראל פאָנד זאָל

דעפּאַנירט ווערען ביי דעם דזשענ. סעק.־טרעז. אין אזעל־
כע בענק, וועלכע דיא דזש. עקז. ב. וועט אַנצייגען.

קראַנקען בענעפיט פאָנד.

סעק. 8. דער קראנקען בענעפיט פאָנד זאָל געברויכט
ווערען פאר צאָהלונגען פון קראנקען בענעפיט, און פאר
אַזעלכע אנדערע אויסגאבען וועלכע וועלען נויטיג זיין
פאר דער פערוואלטונג פון דעם קראנקען בענעפיט, און
זאָל דעפּאָנירט ווערען ביי דיא טראָסטיס פון דיעזען
פאָנד אין אזעלכע בענק, וועלכע דיא דזש. ע. ב. וועט
אָנצייגען.

סעק. 9. דיא צאָהלונגען פון קראנקען בענעפיט
זאָלען געמאכט ווערען דורך טשעקס, אונטערגעשריבען
פון דעם טרעזשורער פון דער קראנקען בענעפיט קאָ־
מיטעע.

סעק. 10. דיא צאָהלונגען פון קראנקען בענעפיט
זאָלען אויפגעהערט ווערען ווען דער קראנקען בענעפיט
פאָנד וועט זיך אויסנעהמען.

אלגעמיינער פערטהיידיגונגס פאָנד.

סעק. 11. דער אלגעמיינער פערטהיידיגונגס פאָנד
זאָל געברויכט ווערען פאר דזשענעראל סטרייקס אָדער
פאר סטרייקס פון אלגעמיינער וויכטיגקייט פאר דעם
טרייד, אויסגענומען, ווען אַ מאַיאָריטעט פון דיא שטי־
מענדע מיטגליעדער וועלען דורך אַ רעפערענדום וואוט
אַנדעריש בעשליסען.

דער אַלגעמיינער פערטהיידיגונגס פאָנד זאָל זיין
אונטער דער קאָנטראָל פון דער דזש. עקז. באָארד און אַ
באָארד אָף טראָסטיס, און זאָל פון די זעלבע ווערען פער־
זיכערט, דעפּאָנירט אָדער אינוועסטעד אין באָנדס אויף
אַזאַ וועג, וויא זיי וועלען עס געפינען פאַר ראטהזאם.

## ארטיקעל 8.

### אייגענטהום..

סעק. 1. אלע לאָקאַל אָדער דזשענעראַל בעאַמטע זאָלען איבערגעבען צו זייערע נאָכפאָלגער דאָס גאַנצע אייגענטהום פון די יונייטעד קלאָטה העט ענד קעפּ מייקערס אָף נאָרטה אַמעריקא, וועלכע זיי האָבען אין זייער בעזיטץ, און זאָלען ניט בעפּרייט ווערען פון זייערע באָנדס ביז זיי האָבען אזוי געטהאָן, יעדער בעאַמטער אָדער מיטגליעד וועלכער פערברויכט דיא געלדער אָדער דאָקומענטען פון דער יוניאָן צו זיין אייגענעם נוטצען, זאָל געזעטצליך פערפאָלגט ווערען.

סעק. 2. ווען אַ לאָקאַל יוניאָן איז סוספענדירט פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א. פאר ניט צאָהלען קיין פער קעפּיטא טעקס, פאר ניט פאָלגען דיא אָרדערס פון קאָנווענשאָן אָדער דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד, אָדער פאר האנדלונגען וועלכע זיינען ניט פּאסענד פאר א טרייד יוניאָן, זאָל דיא אייגענטהום פון דעם לאָקאַל, זאָ וויא: אלע געלדער, טשאַרטער, זיעגעל, ביכער, דאָקומענטען, לעטטערס א. ז. וו. צוריקגעקעהרט ווערען צו דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באָאַרד.

סעק. 3. יעדער בעאַמטער אָדער מיטגליעד פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א., וועלכער גיט ארויס אבזיכטליך, אָדער ער העלפּט ארויס געבען אונגעזעצליך דעם יוניאָן לייבעל, אָדער איבערטרעט דיא רולס וועגען דעם געברויך פון יוניאָן לייבעל, זאָל געזעצליך פערפאָלגט ווערען, ווען זיין שולד ווערט בעשטעטיגט, און ער זאָל ניט צוגעלאָזט ווערען אלס מיטגליעד פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א.

רול 1. יעדע פירמא וואָל פערלאנגט דעם יוניאָן לייבעל זאָל אריינשיקען אן אַפּליקיישאָן צו דער דזש. ע. ב. דורך דער לאָקאַל יוניאָן.

קיין לאָקאַל יוניאָן זאָל האָבען דאָס רעכט צו בעוויליגען דעם יוניאָן לייבעל צו אַ פירמא אָהנע דער צושטימונג פון דער דזש. ע. ב.

רול 2. לייבעלס זאָלען בעוויליגט ווערען צו אַ פירמא, וועלכע קומט נאָך אלע פאָדערונגען און קאָנדיציאָנען פון דער יוניאָן, און וועלכע בעשעפטיגט גוטשטעהענדע מיטגליעדער פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א.

רול 3. לייבעלס זאָלען געברויכט ווערען נור פאר אזעלכע העטס און קעפּס וואָס ווערען געמאכט אויפ'ן פלאַץ, ביי דיא מעמבערס פון דער יוניאָן, אין שעפּער וואָס זיינען אונטער דער יוריסדיקשאָן פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. אַ., וואו אלע סאניטאַרע רולס ווערען אָפּגעהיט.

רול 4. לייבעלס קענען נור געגעבען ווערען צו פירמעס אין שטעדט, וואו עס געפינט זיך אַ לאָקאַל יוניאָן.

רול 5. לייבעלס מוזען אריינגעקלעפּט און אריינגענעהט ווערען אין דיא העטס און קעפּס ביי דיא מעמבערס וואָס האָבען געמאכט דיא זעלבע העטס און קעפּס; מעמבערס פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א., וועלכע וועלען זיך ענטזאגען אריינצוקלעפּען און אריינצונעהען דעם לייבעל, זאָלען בעשטראפט ווערען.

רול 6. אונטער קיינע אומשטענדען איז עס ערלויבט דאָס דער באָס זאָל האָבען אין זיין בעזיץ דעם לייבעל. דער שאפּ לייבעל האלטער, וועלכער איז אן ארבייטער פון

שאַפּ, און אַ פּעראַנטוואָרטליכע פּערזאָן, אַפּוינטעט פון דעם לאָקאַל זאָל האָבען איבערזיכט איבער דעם לייבעל, און ער זאָל ארויסגעבען צו יעדען אַרבייטער פון שאפּ אזוי פיעל לייבעלס, וויפיעל ער דארף פאר דיא העטס אָדער קעפּס וואָס ער האָט אין דער ארבייט פאר דעם טאָג. דיא לייבעלס מוזען געהאַלטען ווערען אונטער א שלאָס.

אין פאל אַ שאַפּ לייבעל האַלטער פערלאָזט דעם שאַפּ, זאָל ער ברייגגען דיא לייבעלס צום לאָקאַל סעקרעטערי, אָדער צום לאָקאַל לייבעל האַלטער.

רול 7. אירגענד װעלכער מעמבער וואָס איבערטרעט דיא רולס וועגען דעם געברויך פון דעם יוניאָן לייבעל, ווען ער ווערט געפונען שולדיג נאָך אַ ריכטיגער אונ־טערזוכונג, זאָל בעשטראפט ווערען לויט דיא גרויס פון זיין פערברעכען.

קיין בעאמטער אָדער מיטגליעד פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א. זאָל ניט מיסהאנדעלט ווערען פון אַ פירמא וואָס געברויכט דעם יוניאָן לייבעל, פאַר דורכפיהרען דיא געזעצע וועגען דעם יוניאָן לייבעל.

## ארטיקעל 9.

### קראנקען בענעפיט רולס.

סעק. 1. אלע מיטגליעדער פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א. (מיט דער אויסנאַהמע פון ניט־בענעפיציעלע, לויט סעקשאָן 3 פון ארטיקעל 7), וועלכע זיינען געווען גוטשטעהענדע מעמבערס פיר ניט ווייניגער פון זעקס מאָנאַטען ביז דעם טאָג וואָס זיי האָבען זיך געמאָלדען קראנק, זאָלען זיין בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט אין פאַל זיי זיינען קראַנק און אונפעהיג צו אַרבייטען.

סעק. 2. גוטשטעהענדע מעמבערס זיינען בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט פאר ניט לענגער וויא פינף וואָכען אין איין יאָהר; מעננער־מעמבערס זיינען בערעכטיגט צו

פינף דאָל. א וואָך, פרויען מעמבערס — צו דריי דאָל. אַ וואָך.

דער יאָהר פאַר קראַנקען בענעפיט פון יעדען איינ־ציגען מעמבער זאָל זיך רעכענען פון דעם דאטום וואָס דיא קראנקהייט האָט זיך אָנגעפאנגען (פאַר וועלכע עס איז איהם בעצאָהלט געוואָרען בענעפיט) ביז דעם זעלבען דאטום פון דעם נעכסטען יאָהר.

סעק. 3. קראנקען בענעפיט זאָל געצאָהלט ווערען, ווען עס ווערט גוט געהייסען פון דער דזשענעראל קראנ־קען בענעפיט קאָמיטעע, בלויז פאר אַ פולער וואָך; אַ פולע וואָך זאָל זיך רעכענען פון דעם דאטום וואָס איז רעפּאָרטעד געוואָרען צום לאָקאל סעקרעטער אָדער צו דער לאָקאַל קראנקען קאָמיטע, און איז אָנגעגעבען געוואָ־רען אין דעם אפּליקיישאָן פאר קראנקען בענעפיט, וועל־כע ווערט געשיקט צום דזש. סעק.־טרעז.

סעק. 4. מעמבערס וועלכע שולדען דיוס אָדער אסעסמענטס, אָדער ביידע צוזאַמען, פאַר מעהר וויא פיער וואָכען, זיינען ניט בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט.

מעמבערס וואָס מאכען זיך גוטשטעהענד אין זייערע דיוס און אסעסמענטס אין דער צייט פון זייער קראנק־הייט, זיינען ניט בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט.

מעמבערס וועלכע ליידען פון כראָנישע קראנקהייטען, אָדער ווען זייער קראנקהייט איז פעראורזאכט פון שיכרות אָדער פון אונמאָראלישער אויפפיהרונג, זיינען ניט בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט.

סעק. 5. קראנקען בענעפיט זאָל געצאָהלט ווערען נור דאן, ווען עס ווערט צוגעשטעלט אן אַפּליקיישאָן, אונטערגעשריבען ביי דעם לאָקאַל סעקרעטער און ביי דער לאָקאַל קראנקען קאָמיטע וועלכע בעזוכט דעם קראנ־קען מעמבער, צוזאַמען מיט אַ סערטיפיקייט פון דעם

דאָקטאָר וואָס בעזוכט דעם קראנקען, וועלכער זאָל אָנ־ציינען אין וואָס דיא קראנקהייט בעשטעהט, און אויב דער קראנקער איז פעהיג צו ארבייטען אָדער ניט.

מעמבערס עט לארדזש, ווען זיי פערלאנגען קראנקען בענעפיט, מוזען צושטעלען אַ סערטיפיקייט פון דעם דאָקטאָר וואָס בעזוכט זיי, און בעשטעטיגט פון אַ נאָטאַרי פּאָבליק אָדער דזשאָסטיס אָף דהי פּיעס.

סעק. 6. מיטגליעדער וואָס קענען ניט ארבייטען צו־ליעב קראנקהייט, און זיינען אבער ערלויבט פון דאָק־טאָר ניט צו ליגען אין קראנקען בעט, מוזען זיך מעלדען יעדען טאָג צו דער לאָקאל קראנקען קאָמיטע.

סעק. 7. מעמבערס וואָס ווערען סוספענדירט, אויס־געשלאָסען אָדער וואָס פערלאָזען דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א. פערלירען זייער רעכט צו קראנקען בענעפיט.

סעק. 8. אירגענד וועלכער בעאמטער אָדער מעמבער וואָס געברויכט אונפּאַסענדע מיטלען, אָדער וואָס מאכט פאלשע בעהויפטונגען, אום צו קריגען קראנקען בענע־פיט, אָדער וואָס שרייבט אונטער און שטעלט צו אַ פאלשע פאָדערונג פאר קראנקען בענעפיט, זאָל בעשטראפט ווערען לויט דיא גרויס פון דעם פערברעכען, ווען זיין שולד וועט בעשטעטיגט ווערען.

סעק. 9. איינפאָרמיגע אַפּליקיישאָן בלענקס פאר קראנקען בענעפיט זאָלען ארויסגעגעבען ווערען ביי דעם דזשענ. סעק.־טרעז., און אלע לאָקאַל יוניאָנס און דיא מעמבערס זאָלען געברויכען בלויז דיעזע בלענקס.

## ארטיקעל 10.
### טרייעלס און אפּיעלס.

סעק. 1. יעדער ערוועהלטער אָדער ערנאַנטער בע־אמטער פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א., קען פון זיין אַמט ארונטערגעזעצט ווערען, פאר אירגענד וועלכע פער־

לעצונג פון דער קאָנסטיטוציאָן, אָדער האַנדלונג וואָס בעריהרט דיא ווירדיגקייט פון דער אָרגאַניזאַציאָן, פאַר־אויסגעזעהען ווען אַזעלכע פערלעצונגען זיינען בע־טראַכטעט פון גענוגענדער וויכטיגקייט.

סעק. 2. יעדע לאָקאַל יוניאָן זאָל האָבען דאָס רעכט צו ברייננגען קלאַגעס געגען אירגענד וועלכען ערוועהלטען אָדער ערנענטען אָפּיסער פיר פערלעצונגען פון דער קאָנ־סטיטוציאָן לויט סעק. 1. זאָלכע קלאַגען זאָלען געשיקט ווערען צו דעם דזשענעראל סעקרעטער־טרעזשורער, וועל־כער זאָל זיי פאָרברייגגען פאר דעם נעקסטען מיטינג פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באָאַרד, וועלכע איז בע־פאָלמעכטיגט צו האנדלען איבער אזעלכע פעלע.

סעק. 3. דיא באָאַרד זאָל איבערגעבען דעם בעשול־דיגטען אַ קאָפּיע פון דער קלאַגע, אונד אין פערלויף פון 30 טעג נאָכדעם וויא דיא קלאַגע איז אריין געקומען צו דער באָאַרד, זאָל זיא אָנגעהן מיט אַן אונטערזוכונג און טריועל. דיא באָאַרד זאָל אינפאָרמירען דעם בעשול־דיגטען ווען דער מיטינג וועט זיין און זאָל האָבען דאָס רעכט צו פאָדערען ביכער, אירגענד וועלכע דאָקומענטען, וויא אויך וויטנעסעס.

סעק. 4. דער פערקלאָגטער זאָל האָבען דאָס רעכט פערזענליך אָדער דורך אַ פערטהיידיגער (אזא פערטהייי־דיגער דארף זיין אַ גוטשטעהענדער מיטגליעד פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א.) אויסצופרעגען אלע עדות און צושטעלען אזעלכע בעוויזע, וועלכע ער געפינט פיר ראטהזאם.

סעק. 5. דיא דזש. ע. ב. זאָל, לויט דיא צוגעשטעלטע בעוויזע, אורטהיילען איבער דיא שולד אָדער אונשולד פון דעם אָנגעקלאָגטען, און זאָל איהם בעשטראפען לויט דיא גרויס פון דעם פערברעכען. דיא ענטשיידונג פון

דער דזש. ע. ב. זאָל זיין בינדענד, סיידען דיא געבסטע קאָנווענשאָן פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א. וועט עס אומענדערען, אויף אַן אַפּיעל.

סעק. 6. קיין מיטגליעד פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א., זאָל בעשטראָפט אָדער אויסגעשלאָסען ווערען פון זיין לאָקאַל, בעפאָר ער איז ריכטיג בענאַכריכטעט געוואָרען, וועגען דיא קלאַגעס געגען איהם, און אַ מעגליכקייט איז איהם געגעבען געוואָרען זיך צו פער־טהיידיגען.

סעק. 7. ווען אַ קלאַגע ווערט אריינגעבראכט געגען אַ לאָקאַל בעאַמטען, דאן זאָל דער לאָקאַל ערוועהלען אַ קאָמיטע פון פינף מעמבערס, וועלכע זיינען ניט אינטע־רעסירט אין דער אנגעלעגענהייט; דיעזע קאָמיטע זאָל אונטערזוכען דיא קלאגע און בעריכטען צום לאָקאַל מי־טינג. ווען דער בעריכט פון דער קאָמיטע לויטעט דאָס דיא קלאַגע איז בעגרינדעט, דאן זאָל דער אָנגעקלאָגטער בע־אַמטער ארונטערגעזעצט ווערען פון זיין אַמט פאר דער צייט וואָס זיין טריעל געהט אָן.

סעק. 8. קלאַגעס קענען געמאכט ווערען געגען יעדען מיטגליעד פון דיא יונייטעד קלאָטה העט ענד קעפּ מיי־קערס אָף נאָרטה אַמעריקא, זיי מוזען אָבער אריינגע־בראכט ווערען שריפטליך צו דעם לאָקאל יוניאָן וואו דער אָנגעקלאָגטער איז אַ מעמבער. דער לאָקאַל זאָל אי־בערגעבען דיא קייס צו דער עקזעקוטיוו באָארד, וועלכע זאָל לאָזען וויסען דעם מיטגליעד איבער דעם כאראקטער פון דיא געבראכטע קלאַגען געגען איהם. וויא אויך אי־בער דיא צייט און פלאַטץ וואו דער פערהער וועט פאָר־קומען. דיא קלאַגע מוז פאָרקומען אין צווישען פון איין מאָנאַט פון דעם דאַטום וואָס דיא קלאַגע איז גע־בראַכט געוואָרען, זאָל אָבער דער אָנגעקלאָגטער ניט ער־

שײנען דאַן זאָל די עקזעקוטיװ באָארד האנדלען גראדע װי דער אָנגעקלאָגטער װאָלט געװען אנװעזענד, און אַרײנברײנגען איהר ענטשײדונג שריפטליך צו דער לאָקאַל יוניאָן פיר גוטהײסונג. אין פאַלל אָבער װען דער אָנגעקלאָגטער קען צושטעלען צופריעדענשטעלענדע בעװײזע דאָס ער האָט ניט געקענט אנװעזענד זײן, זאָל ער ענטשולדיגט װערען, און זײן פערהער זאָל אָפּגעלעגט װערען. װען אָבער דער אָנגעקלאָגטער ערשײנט ניט נאָך דעם װי מען האָט איהם גערופען דרײ מאָהל, דאן זאָל די עקזעקוטיװ באָארד אָנגעהן מיט דער טרײעל גראדע װי דער אָנגעקלאָגטער װאָלט געװען אנװעזענד.

סעק. 9. די עקזעקוטיװ באָארד זאָל נאָך יעדער טרײעל אינפאָרמירען דעם אָנגעקלאָגטען װען די ענטשײדונג װעט אַרײנגעבראַכט װערען צו דעם לאָקאַל פיר גוטהײסונג. װען דער אָנגעקלאָגטער איז ניט צופריעדען מיט די ענטשײדונג פון דער עקזעקוטיװ באָארד זאָל ער אַפּעלירען צו דעם לאָקאַל בײ דעם מיטינג װען די עקזעקוטיװ ברײנגט אַרײן איהר ענטשײדונג, בעפאָר די ענטשײדונג װערט גוט געהײסען.

סעק. 10. װען דער לאָקאַל נעהמט אָן דעם אַפּיעל מיט אַ מאַיאָריטעט שטימען, זאָל די קלאַגע זאָפאָרט ערעפענט װערען און אױפגענומען בײ דעם לאָקאַל מיטינג.

סעק. 11. דער אָנגעקלאָגטער זאָל קײן רעכט האָבען אַנטהײל צו נעמען אין דער דעבאַטע אין בעצוג צו זײן טרײעל, ער זאָל אָבער דאָס רעכט האָבען צו פערטהײדיגען זיך און צו איבערצײגען זײן אונשולד.

סעק. 12. יעדער מיטגליעד, זײענדיג אונצופריעדען מיט דער ענטשײדונג פון דער עקזעקוטיװ באָארד אָדער לאָקאַל יוניאָן אין בעצוג צו אַן אײגענע קײס, זאָל האָבען אַ רעכט צו אַפּעליערען צו דער דזשענעראַל עקזעקו־

טיוו באָארד. דיא אַפּעלאַציאָן מוז אָבער געמאַכט ווערען אין פערלויף פון 30 טעג פון דער צייט דיא ענטשיידונג איז געגעבען.

סעק. 13. יעדער מיטגליעד אָדער לאָקאַל יוניאָן, זייענדיג אונצופריעדען מיט דער ענטשיידונג פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באָארד, זאָל דאָס רעכט האָבען צו אַפּעליערען צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן.

סעק. 14. אַן אַפּעלאַציאָן געגען דער ענטשיידונג פון דעם דזשענעראל עקז. מוז זיין אין דיא הענד פון דעם דזשענעראל סעקרעטער־טרעז. ווענינגסטענס איין וואָך בעפאָר דיא קאָנווענשאָן קומט זיך צוזאַמען, זאָנסט זאָל עס ניט פאָרגענומען ווערען.

סעק. 15. יעדער בעאַמטער אָדער מיטגליעד, וועלכער פערלוימדעט אָדער בעשימפּפט אַבזיכטליך איין אנדער מיטגליעד פון דיא יונייטעד קלאָטה העט און קעפּ מייקערס אָף נאָרטה אַמעריקא, אָדער וואָס פערלעצט אָבזיכטליך דיא פונקטען פון דיעזער קאָנסטיטוציאָן, זאָל נאָך דעם גוט אכטען פון דעם לאָקאל יוניאָן ווען ער ווערט געפונען ווערען פיר שולדיג, בעשטראָפט אָדער אויסגעשלאָסען ווערען.

סעק. 16. אין פאַל ווען איין דזשענעראל בעאמטער ווירד פערלוימדעט אָדער בעשימפּפט פון אַ מיטגליעד, דאַן זאָל דיא קלאַגע אַריינגעבראַכט ווערען געגען דיעזען מיטגליעד אין דעם לאָקאל פון וועלכען ער אָדער זיא איז אַ מיטגליעד. דער קלעגער זאָל דאַן אויסוועהלען דריי מיטגליעדער פון איין אָדער מעהרערע לאָקאלס, און דער אָנגעקלאָגטער זאָל אויך אויסוועהלען דריי מעמבערס; דיעזע זעקס זאָלען אויסוועהלען אַ זיעבעטען. דיעזע קאָמיטע פון זיעבען זאָל האָבען דיא מאַכט צו אורטהיילען איבער דער קלאַגע און בעשליסען אַ שטראַפע. די רעקאָ־

מענדאַציאָן פון דער קאָמיטעע זאָל אָנגענומען ווערען ביי דער לאָקאל יוניאָן אַלס ענטגילטיג.

## אַרטיקעל 11.

### סטרייקס און לאקאוטס.

סעק. 1. ווען עס געשעהט אירגענד וועלכע צוויס־טיגקייט צווישען מיטגליעדער פון אַ לאָקאל יוניאָן און זייערע באָסעס, דאַן זאָלען דיא מיטגליעדער דיעזען פאל פאָרלעגען פאַר דער לאָקאַל עקזעקוטיוו באָארד. דיא עקזעקוטיוו זאָל דעם פאַלל אונטערזוכען דורך אַ קאָמי־טע, וועלכע זאָל בעזוכען דעם באָס, מיט ווענען דיא צוויסטיגקייט עקזיסטירט, און דאָס פערזוכען צו שליכ־טען. דיא קאָמיטע פון דער עקזעקוטיוו באָארד זאָל ווע־גען דעם געבען אַ פוללען בעריכט צו דעם לאָקאַל מיטינג.

סעק. 2. אויב דיא קאָמיטע קען ניט שליכטען דיא שוועריגקייט, זאָל דאָס זאָ באלד פאָרגעלעגט ווערען פאַר דעם לאָקאַל פאַר אַ בעשלוס. דער דזש. סעק.־טרעז. זאָל אימערצו אינפאָרמירט ווערען וועגען אַלע צוויסטיגקיי־טען וואָס פּאַסירען צווישען מעמבערס פון אַ לאָקאַל יונ־יאָן מיט זייערע באָסעס.

סעק. 3. קיין לאָקאל יוניאָן פון דיא יונייטעד קלאָטה העט און קעפּמייקערס אָף נאָרטה אַמעריקא זאָל האָבען דאָס רעכט צו אָרדערען אַ דזשענעראל סטרייק פון אַ לאָקאַל אָהנע דיא צושטימונג פון דער דזשענעראל עק־זעקוטיוו באָארד.

סעק. 4. אים פאַלס אַ דזשענעראל סטרייק שיינט פיר דעם לאָקאַל יוניאָן צו זיין אונפערמיידליך זאָל דיא פראַגע איבערגעגעבען ווערען צו איין אָבשטימונג פון דיא מיטגליעדער פון דעם לאָקאל יוניאָן. ווען צוויי דריטעל מאַיאָריטעט שטימען דאַפיר זאָל דאָס זאָפאָרט פאָרגעליגט ווערען פאַר דער דזשענעראל עקזעקוטיוו

באָרד, וועלכע האָט אַ רעכט גוטצוהייסען דעם פערלאַנג פון לאָקאַל אָדער זיך צו ענטזאַגען גוטצוהייסען.

סעק. 5. אין פאַל דיא דזשענעראַל עקזעקוטיוו ענט־זאַגט זיך צו אונטערשטיצען דיא האַנדלונג פון אַ לאָ־קאַל יוניאָן, דאַן זאָל דיא זעלבע דאָס רעכט האָבען צו אַפּעלירען צום דזשענעראַל סעקרעטער־טרעזש. און פער־לאַנגען דאָס דיא פראַגע זאָל איבערגעגעבען ווערען צו איין אָבשטימונג פון אַלע לאָקאַל יוניאָנס, דער דזשע־נעראַל סעק.־טרעזש. זאָל זיין פערפליכטעט איבערצוגע־בען דיא אַפּעלאַציאָן מיט אַלע פאַקטען צו איין אַלגע־מיינע אָבשטימונג פון דיא מיטגליעדערשאַפט און דער רעזולטאַט פון דער אָבשטימונג מוז, אין צווישען פון 15 טעג, צוגעשיקט ווערען צום דזשענעראַל סעק.־טרעזש., און ווען צוויי דריטעל מאַיאָריטעט פון דיא שטימענדע מיטגליעדער שטימען פאר דעם פערלאַנג פון דעם בע־טרעפענדען לאָקאַל יוניאָן, דאַן זאָל אויך דיא דזשענע־ראַל עקזעקוטיוו באָארד אונטערשטיצען דיא זעלבע.

סעק. 6. קיין לאָקאַל פון דיא יוניטעד קלאָטה העט ענד קעפּמיקערס אָף נאָרטה אַמעריקא, זאָל צאָהלען סטרייק בענעפיט, פיר דיא ערשטע וואָכע פון אירגענד וועלכען סטרייק אָדער לאָקאוט.

סעק. 7. דער סטרייק בענעפיט זאָל זיין 5 דאָ־לאַר פיר פערהייראַטע און 3 דאָלאר פיר סינגעל לייט. יעדאָך קען יעדער לאָקאַל בעזונדער, ווען ער געפינט פיר נויטיג, דיא סטרייק־בענעפיט העכערען אָדער פער־קלענערען.

סעק. 8. ווען נאָך אַ סטרייק פון 4 וואָכען ווערען דיא פאָנדס פון דעם לאָקאַל־יוניאָן ערליידיגט, קען דער לאָקאַל יוניאָן אַפּעליערען נאָך שטיצע צו דער דזשענע־ראַל עקזעקוטיוו באָארד. דיא דזש. עקז. באָארד האָט אַ

רעכט צו צאָהלען סטריוק בענעפיט אַזוי פיעל, וויפיעל זיא געפינט עס פיר נויטיג.

סעק. 9. דיא דזשענעראַל עקזעקוטיוו זאָל האָבען דיא מאַכט, ווען זיי זיינען איבערציינט פון דיא פאַק־טען אין זייער בעזיץ דאָס אַ סטרייק איז פערלאָרען, צו ערקלעהרען דעם זעלבען פיר געענדיגט, אויך אַזוי וויט, וויא עס אַנבעטרעפט דיא פינאַנציעלע שטיצע פון דעם פערבאַנד.

סעק. 10. דיא דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד איז בעפאָלמעכטיגט, אין אַ צייט ווען איין אבטהיילונג פון טרייד איז אין סטרייק, אַרויס צו אָרדערען אין סטרייק אויך דיא אַלע אַנדערע אָבטהיילונגען פון דעם טרייד פון דער שטאָדט, זאָגאַר ווען נאָך יוניאָן לייטע האָבען נאָך ניט פערנומען דיא פלעצער פון דיא סטרייקער, אָדער אָרדערען סטרייקס אין אַנדערע סעקציאָנען, ווען זיא דענקט, דאָס אַזאַ האַנדלונג וועט העלפען צו דעם ער־פאָלג פון דעם סטרייק.

סעק. 11. ווען אַ לאָקאַל יוניאָן רופט אַרויס אַ סטרייק אָהנע דער צושטימונג פון דער דזש. ע. ב., זאָל דער לאָקאַל זעלבסט אויסשטעהן דיא קאָסטען און דיא פאָלגען פון אַזאַ סטרייק.

סעק. 12. ווען דיא פערשיעדענע אבטהיילונגען פון טרייד זיינען אָרגאַניזירט אין בעזונדערע לאָקאַלס, זאָל איין לאָקאַל יוניאָן ניט אָרדערען קיין סטרייק, וועל־כער ציהט מיט זיך מיט אַלע אַנדערע לאָקאַלס, אָהנע דער סטרייק זאָל גוט געהייסען ווערען אויף אַ מיטינג פון דיא דזשוינט עקזעקוטיוו באָארד, אָדער דעם דזשוינט קאונסיל.

סעק. 13. יעדער מיטגליעד, אָדער יעדע פערזאָן, וואָס געהט אַוועק אַרבייטען אין אַ פלאַץ וואו אַ גע־

זעצליבער סטרייק, אָדער באָיקאָט געהט אָן, זאָל בע־
שטראָפט ווערען מיט אַזאַ סומע, וועלכע דיא יוניאָן
דיינקט פיר פּאַסענד, אָדער זאָל אין גאַנצען אויסגעשטוי־
סען ווערען פון דער יוניאָן.

סעק. 14. אַלע אונטערהאַנדלונגען מיט באָסעס אין
צייט פון סטרייקס אָדער לאקאוטס זאָלען געפיהרט ווע־
רען דורך קאָמיטעס, בעפאָלמעכטיגט פון דעם לאָקאַל
אָדער לאָקאַל עקזעקוטיוו באָארד, אָבער פיר קיין פאַל,
דורך איינצעלנע מעמבערס.

סעק. 15. מיטגליעדער, וועלכע זיינען צור אָפּפער
געבראַכט געוואָרען פיר זייער טהעטיגקייט אין דיא
אינטערעסען פון אַ לאָקאַל יוניאָן אָדער י. ק. ה. ענד ק.
מ. אָף נ. א. זאָלען בערעכטיגט זיין צור אונטערשטיצונג
פון דעם דזשענעראַל פאָנד, לויט דיא דזשענעראל עק־
זעקוטיוו באָארד וועט עס איינאָרדנען, אין קיין פאַל
אָבער זאָל אַזאַ אונטערשטיצונג ניט בעטרעפען מעהר
וויא צעהן דאָל. אויף אַ מאָהל.

## אַרטיקעל 12.

### אויפנאַהמע פון לאָקאַל יוניאָנס.

סעק. 1. אַ לאָקאַל יוניאָן קען אָרגאַניזירט ווערען
פון אירגענד וועלכע צאָהל אפּערייטאָרס, קאַטערס, בלאָ־
קערס, לייניגנ מייקערס, טרימערס, פינישערס און פּע־
קערס, ניט ווינציגער וויא זיעבען (7) פּערזאָן, ווען זיי
זיינען בערעכטיגט אַריינגענומען צו ווערען לויט דיעזער
קאָנסטיטוציאָן. זיי מוזען זיך ווענדען צום דזש. סעק.־
טרעזש. פיר אַ טשאַרטער, און זאָלען צושיקען 3 דאָל.
פאַר אַ טשאַרטער, און דיא איינטריטס געלט פיר דיא
מיטגליעדער, — 7.50$ פיר יעדען מאַן מיטגליעד און
4.50$ פיר יעדע פרוי מיטגליעד. ווען דער דזש. סעק.־
טרעזש. וועט ערהאַלטען דיא געלדער, זאָל ער צושיקען

דעם טשאַרטער צו דער נייער לאָקאַל יוניאָן, נאָך דעם וויא דיא דזש. ע. ב. וועט עס גוט הייסען.

סעק. 2. דיא סופּלייס פיר אַ נייער לאָקאַל יוניאָן זאָל בעשטעהן פון דעם טשאַרטער, אַלע נויטיגע רעכנונג־ביכער, רעפּאָרט בלענקס און אַ קאָפּיע פון דער קאָנסטיטוציאָן פיר יעדען מיטגליעד.

סעק. 3. ווען דיא פערשיעדענע אָבטהיילונגען פון אַ לאָקאַל יוניאָן ווילען פאָרמירען בעזונדערע לאָקאַל יוניאָנס און פערלאַנגען אַ טשאַרטער פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד, זאָל אַ טשאַרטער געגעבען ווערען נור דאַן, ווען דיא דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד וועט איינזעהן, דאָס זאָ איין צוטהיילונג פון דעם לאָקאַל וועט קיין שאדען ברייננגען דעם עקזיסטירענדען לאָקאַל, אָדער טרייד.

סעק. 4. ווען אַ טשאַרטער ווערט אַרויסגעגעבען צו אַ יוניאָן, וועלכע איז אַ ברענטש פון טרייד, דאַן זאָלען אַלע ארבייטער אין יענער שטאָדט וועלכע זיינען בעשעפּטיגט ביי דיעזען ברענטש פון טרייד אריינטרעטען אין דער יוניאָן.

סעק. 5. ווען אַ לאָקאַל יוניאָן איז געגרינדעט, זאָל עס זיין דיא פּפליכט פון דיא מיטגליעדער צו אַגיטירען, דאָס יעדער אַרבייטער פון טרייד פון זייער שטאָדט זאָל ווערען אַ מיטגליעד פון זייער לאָקאַל יוניאָן, אָהנע אונטערשיעד פון רעליגיאָן, קאָליר אָדער געשלעכט.

סעק. 6. יעדע לאָקאַל יוניאָן זאָל האָבען דאָס רעכט צו פאַסען און דורכפיהרען אַזעלכע לאָקאַלע געזעצע און ביי־לאָאס, וועלכע זיא בעטראַכט פיר נויטווענדיג. דיעזע געזעצע אָבער דאַרפען ניט ווידערשפּרעכען דיעזע קאָנסטיטוציאָן.

סעק. 7. אַ לאָקאַל יוניאָן קען זיך ניט צוריקציר־

הען פון דיא יוניוטעד קלאָטה העט ענד קעפּמייקערס אָף נאָרטה אַמעריקא אָדער זיך אויפלעזען, אַזוי לאַנג וויא 7 מיטגליעדער זיינען צופריעדען אויפצוהאַלטען דעם טשאַרטער.

## אַרטיקעל 13.

### פּפליכטען פון אַ לאָקאַל יוניאָן.

סעק. 1. יעדע לאָקאַל יוניאָן, וועלכע האַט ניט אָב קיין רעגעלע מיטינגען פיר 2 נאָכפאָלגענדע מאָנאטה, זאָל פערליערען איהר טשאַרטער.

סעק. 2. יעדע לאָקאַל יוניאָן זאָל פון צייט צו צייט אַראַנזשירען פיר איהרע מיטגליעדער לעקטשורס אָדער דיסקוסיאָנען איבער טרייד־יוניאָן און פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פראַגעס; זאָל זיין אין פריינדליכע בעציהונגען מיט אַלע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען, בייטרעטען צענטראַל קערפּערשאַפטען און לייבעל קאָונסילס, און טהאָן אַלעס מעגליכעס צו פערשטאַרקען דיא אַרבייטער בעוועגונג.

סעק. 3. עס זאָל זיין דיא פּפליכט פון אַ לאָקאַל יוניאָן צו אָרדערען דיא מיטגליעדער וועלכע אַרבייטען אין איין שאַפּ, צו האַלטען שאַפּ מיטינגען וועכענטליך אָדער וועניגסטענס איין מאָל אין צוויי וואָכען.

סעק. 4. וואו דיא פערשיעדענע ברענטשעס פון טרייד זיינען אָרגאַניזירט אין בעזונדערע לאָקאַלס, זאָלען דיא לאָקאַל יוניאָנס גרינדען דזשוינט קאָונסילס אָדער דזשוינט עקזעקוטיוו באָארדס. דיא מיטגליעדער פון דיא פערשיעדענע ברענטשעס וועלכע זיינען בעשעפטיגט אין איין שאַפּ, זאָלען געאָרדערט ווערען פון זייערע רעספּעקטיווע לאָקאַלס צו אָפּהאַלטען געמיינשאַפטליכע שאַפּ מיטינגען אַם וועניגסטענס איין מאָהל אַ מאָנאַט.

סעק. 5. אַלע בעאַמטע פון דיא לאָקאַל יוניאָנס זאָ־

לען פּינקטליך און ריכטיג אויספילען אַלע רעפּאָרטס און סטאַטיסטישע בלענקס, וועלכע זיי ערהאַלטען פון דזשענעראַל סעקרעטער־טרעזשורער.

סעק. 6. דיא ביי־לאָאס פון אַ לאָקאַל יוניאָן קענען נאָר דאַן צוריקגערופען אָדער אַמענדירט ווערען, ווען 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער גיעבען דאָס אריין שריפט־ליך צו דער עקזעקוטיוו באָארד פון דעם לאָקאַל. דיא עקזעקוטיוו באָארד זאָל דאָס פאָרברענגען פאר דעם רע־גולער מיטינג אום גערעזען און דעבאַטירט צו ווערען. אַ ספּעציאַל מיטינג זאָל דאַן גערופען ווערען און אויב עס ווערט אָנגענומען ביי צוויי־דריטעל מאַיאָריטעט פון דיא מעמבערס וועלכע זיינען אַנוועזענד, זאָל עס ווערען אַ געזעץ.

סעק. 7. קיין לאָקאַל יוניאָן זאָל האָבען דאָס רעכט צו שליסען איהרע ביכער פאר דער אויפנאַהמע פון נייע מיטגליעדער, וועלכע זיינען אַרביימער פון טרייד, אָהנע דער צושטימונג פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד.

## אַרטיקעל 14.

### דער פאָנד פון אַ לאָקאַל יוניאָן.

סעק. 1. יעדע לאָקאַל יוניאָן זאָל האָבען אין דער טרעזשורי זעקס (6) מאָנאַט נאָך דעם וויא עס איז גע־טשאַרטערט געוואָרען, אַ סומע געלד, וועלכע זאָל זיין גע־נוג פאר צוויי וואָכען סטרייק בענעפיט פאַר איהרע מעמ־בערס, און זאָל אויך האָבען דאָס רעכט ארויפצולייגען אַן אַסעססמענט אויף דיא מיטגליעדער, אום צו שאַפען פאַר דער טרעזשורי דיא נויטיגע סומע געלד.

סעק. 2. דיא פאָנדס פון אַ לאָקאַל יוניאָן זאָלען ניט געברויכט ווערען פאַר קראַנקען אונטערשטיצונג פאַר דיא מעמבערס, און זאָל נור געברויכט ווערען פאַר דעם צוועק צו שטיצען דיא מיטגליעדער, וועלכע זיינען אַם

סטרייק, צו דעקען דיא אויסגאַבען פון דעם לאָקאַל, וויא אויך צוא שטיצען דיא אַרבייטער בעוועגונג.

סעק. 3. לאָקאל יוניאָנס וועלכע פערלאנגען פינאַנ־ציעלע שטיצע פון דיא אַנדערע לאָקאלס, זאָלען שיקען זייער אַפּיעל צום דזש. סעק.־טרעז.

אין קיין פאַל זאָל אַ לאָקאַל יוניאָן שיקען אַן אַפּיעל פאַר שטיצע דירעקט צו דיא לאָקאַלס פון דיא י. ק. ה. און ק. מ. אָף נ. אַ.; אַלע בייטרעגע פון לאָקאַל יוניאָנס מוזען געהן דורך דעם דזשענעראַל אָפּיס.

## אַרטיקעל 15.

### געשעפטס־אָרדנונג פאַר לאָקאַל יוניאָנס.

סעק. 1. יעדע לאָקאל יוניאָן זאָל האַלטען א מיטינג איינמאָל אַ וואָך אָדער צוויי מאָל אַ מאָנאַט אין אַ בע־שטימטען טאָג.

סעק. 2. יעדע לאָקאַל יוניאָן זאָל פערהאַנדלען דיא געשעפטען אין דער אידישער אָדער ענגלישער שפּראַכע. דיא מיטינגס קענען ערעפענט ווערען ווען 7 מיטגליעדער זיינען אַנוועזענד.

סעק. 3. דיא געשעפטען ווערען געפיהרט דורך:

1) אַ פּאָרזיצענדען.
2) אַ פּראָטאָקאָל סעקרעטער.
3) אַ פינאַנץ סעקרעטער.
4) אַ קאָררעספּאָנדענץ סעקרעטער.
5) אַ טרעזשורער.
6) דריי טראָסטים.
7) אַ פינאַנץ קאָמיטע.
8) אַ סטעמפּ האַלטער.
9) אינערע וואַכע.
10) אַן עקזעקוטיוו באָארד.
11) אַ קראַנקען קאָמיטע.

סעק. 4. אַלע בעאַמטע פון אַ לאָקאַל זאָלען ערוועהלט ווערען דורך אַ מאַיאָריטעט שטימען פון דיא אַנוועזענ־דע גוטשטעהענדע מיטגליעדער.

נור אַזעלכע זיינען וואהלבאַר אַלס בעאַמטע, וועלכע זיינען גוטשטעהענדע מיטגליעדער אין דעם לאָקאַל פאַר וועניגסטענס זעקס מאָנאַטען, אויב דער לאָקאַל עקזיס־טירט זאָ לאַנג.

סעק. 5. אַלע בעאַמטע, בעצאָהלטע און ניט בעצאָהל־טע זאָלען ערוועהלט ווערען פאַר ניט מעהר וויא 4 מאָ־נאַטען, מיט דער אויסנאהמע פון אַ טשערמאַן, וועלכער זאָל ערוועהלט ווערען ביי יעדען מיטינג.

סעק. 6. ווען אירגענד וועלכער בעאַמטער ערפילט ניט זיינע פפליכטען, זאָל דער לאָקאַל האָבען דאָס רעכט אַרונטערצוזעצען איהם פון זיין אַמט, ווען זיין שולד ווערט בעשטעטיגט.

## אַרטיקעל 16.

### פפליכטען פון בעאַמטע פון אַ לאָקאַל יוניאָן.

סעק. 1. דיא פפליכטען פון דעם טשערמאַן זיינען: צו פיהרען דעם מיטינג אונפּאַרטייאיש, צו זאָרגען ווע־גען רוה און אָרדנונג וועהרענד דער פערזאַמלונג, צו זעהען אַז מען זאָל געזעצליך האַנדלען, צו פערטהיילען נאָך דער רייהע דאָס וואָרט, צו זאָרגען אַז אַלע געפּאַסטע בעשליסע זאָלען אויסגעפיהרט ווערען, אונפּאַרטייאיש צו בעאורפּזיכטיגען אַלע וואַהלען און אָבשטימונגען.

סעק. 2. פפליכטען פון פּראָטאָקאָל סעקרעטער. — דער פּראָטאָקאָל סעקרעטער זאָל פיהרען אַ גענויען, אונ־פּאַרטייאישען פּראָטאָקאָל פון דיא פערהאַנדלונגען ביי דיא מיטינגס; ער זאָל פיהרען אַ בעזונדערען בוך מיט דיא נעמען פון פּערזאָנען, וועלכע ווערען צוריקגעווי־

זען, סוספּענדירט אָדער אויסגעשלאָסען פון דעם לאָקאַל, אָנגעבענדיג דיא אורזאַכען דאַפיר.

סעק. 3. פּפליכטען פון פינאַנץ סעקרעטער. — דער פינאַנץ סעקרעטער זאָל ערהאַלטען אַלע געלדער וואָס קו־מען אריין אין לאָקאַל. ער מוז פיהרען אַ גענויען רעכ־נונג פון אַלע איינאַהמען און אויסגאַבען פון דער לאָ־קאַל יוניאָן, און זאָל צו יעדער צייט פאָרלעגען דיא ביכער פאר אונטערזוכונג. ער זאָל פיהרען אַ גענויען רעכנונג פון דיא שולדען פון דיא מעמבערס, און ער זאָל בעריכטען צום לאָקאַל מיטינג אַלע נעמען פון דיא מיט־גליעדער וואָס ווערען סוספּענדירט פאר ניט צאָהלען קיין דיוס. ער זאָל אַרויסגעבען אָבגאַנגס קאַרדס צו מעמ־בערס, וועלכע ווילען אָפּפאָהרען אין אַנדערע שטעדט. צו ענד פון יעדען מיטינג זאָל ער איבערגעבען צום טרע־זשורער אַלע אַריינגענומענע געלדער, און נעהמען אַ רע־סיט דאַפיר.

סעק. 4. פּפליכטען פון קאָררעספּאָנדענץ סעקרעטער. — דער קאָררעלפּאָנדענץ סעקרעטער זאָל ערהאַלטען אַלע צושריפטען און בעאַנטוואָרטען דיא זעלבע, לויט וויא דער לאָקאַל בעשליסט. נאָך יעדען מיטינג זאָל ער צו־שיקען צום דזש. סעק.־טרעזש. דיא דיוס רעפּאָרטס און אַלע אַנדערע בלענקס און בעריכטען, וועלכע דער דזש. סעק.־טרעזש. פאָדערט, וויא אויך אַלע אַפּליקיישאָנס פאַר מיטגליעדערשאַפט און פאַר קראַנקען בענעפיט. ער זאָל אויך בענאַכריכטען דעם דזש. סעק.־טרעז. וועגען אַלע נעמען פון מעמבערס וועלכע ווערען סוספּענדירט אָדער אויסגעשלאָסען, אָנגעבענדיג דיא אורזאַכען דאַפיר. ער זאָל אויך פיהרען אַ גענויע ליסטע פון דיא אַדרעסען פון דיא מעמבערס.

סעק. 5. פּפליכטען פון טרעזשורער. — דער טרע־

זשורער זאָל ערהאַלטען און זאָל אָפּגעבען רעכנונג פאַר
אַלע געלדער וואָס קומען אריין אין לאָקאַל. ער זאָל אויס־
צאָהלען אַזעלכע געלדער, וועלכע דער לאָקאַל צייגט איהם
אָן, און ער זאָל פיהרען אַ גענויען רעכנונג פון דיא
איננאַהמען און אויסגאַבען. יעדע סומע וואָס איבער־
טרעפט פופציג (50) דאָלאר, זאָל ער איבערגעבען צו
דיא טראָסטים.

סעק. 6. פפליכטען פון טראָסטים. — דיא טראָס־
טים זאָלען אונטערזוכען און בעאויפזיכטיגען דיא פי־
נאַנציעלע אַנגעלעגענהייטען פון דעם לאָקאַל, זאָלען האָ־
בען איבערזיכט איבער דיא גאַנצע אייגענטהום פון לאָ־
קאַל, און זאָרגען דאָס דיא פאָנדס פון לאָקאַל זאָלען
ניט פערשווענדעט ווערען. עס זאָל זיין דיא פפליכט פון
דיא טראָסטים צו דעפּאָנירען דיא פאָנדס פון לאָקאַל אין
אַזאַ באַנק, וועלכע דיא לאָקאַל יוניאָן בעשטימט. דיא
טראָסטים מוזען אַלע קענען לעזען און שרייבען.

סעק. 7. פפליכטען פון פינאַנץ קאָמיטע. — עס זאָל
זיין דיא פפליכט פון דער פינאַנץ קאָמיטע צו אונטער־
זוכען דיא ביכער און רעכנונגען פון לאָקאַל און אַריינ־
ברייגען אַן אונטערגעשריבענעם בעריכט צום לאָקאַל.
יעדע 3 אָדער 4 מאָנאַטען.

סעק. 8. פפליכטען פון סטעמפּ האַלטער. — דער
סטעמפּ האַלטער זאָל פיהרען אַ גענויען רעכנונג פון דיא
דיוס סטעמפּס וועלכע ער האַלט און גיט אויס; ער זאָל
אַריינקלעפּען דיא דיוס סטעמפּס אין דיא מעמבערס דיוס
ביכער פאר דיא דיוס אָדער אַסעסמענטס וועלכע זיי צאָה־
לען צום פינאַנץ סעקרעטער. נאָך יעדען מיטינג זאָל ער
פערגלייכען דיא צאָהל אויסגעגעבענע סטעמפּס מיט דיא
אַריינגענומענע געלדער, און זעהן אויב דיא זעלבע
שטימען.

סעק. 9. פפליכטען פון אינערע־וואַכע. — דער אי־
נערע־וואַכע זאָל קומען אין צייט צו יעדען מיטינג און
זאָל פערבלייבען אויף זיין פּאָסטען ביז ענדע פון מי־
טינג. ער זאָל נאָכזעהן דאָס קיינער זאָל ניט אַריינגע־
לאָזט ווערען אָהנע דעם יוניאָן בוך.

סעק. 10. פפליכטען פון קראַנקען קאָמיטע. — עס
זאָל זיין דיא פפליכט פון דער קראַנקען קאָמיטע (וועל־
כע זאָל בעשטעהען פון ניט ווענינגער וויא דריי מעמבערס)
צו בעזוכען מיטגליעדער וועלכע מעלדען זיך קראַנק, און
ווען זיי געפינען דאָס דער מיטגליעד איז צוליעב קראַנק־
הייט ניט פעהיג צו אַרבייטען, זאָלען זיי אונטערשריי־
בען זייערע נעמען אויף דער אַפּליקיישאָן פאַר קראַנקען
בענעפיט, אָנגעבענדיג דיא דאַטומס, ווען זיי האָבען דעם
קראַנקען מיטגליעד בעזוכט. צו ענדע פון יעדער וואָך
זאָלען זיי איבערגעבען צום קאָררעספּאָנדענץ סעקרעטער
דיא אַפּליקיישאָנס פאַר קראַנקען בענעפיט צוזאַמען מיט
דיא דאָקטאָר סערטיפיקייטס.

עס זאָל אויך זיין דיא פפליכט פון דער קראַנקען
קאָמיטע צו בעאָבאַכטען דאָס מיטגליעדער זאָלען ניט
אַריינגעבען קיינע פאַלשע פאָדערונגען פאַר קראַנקען בע־
נעפיט.

סעק. 11. פפליכטען פון דער עקזעקוטיוו באָארד. —
דיא עקזעקוטיוו באָארד זאָל בעשטעהן פון ניט וויינינגער
וויא זיעבען גוטשטעהענדע מעמבערס פון דעם לאָקאַל,
וועלכע זאָלען ניט שטעהן אונטער קיין קלאַגעס, זיי זאָ־
לען מיטען וועכענטליך אין אַ געוויסען טאָג און פּלאַץ.

סעק. 12. דיא עקזעקוטיוו באָארד זאָל פערהאַנדלען
אַלע געשעפטען פון דער אָרגאַניזאַציאָן, ווען דיא לעצטע
איז ניט אין זיצונג, עהרענהאַפט אויספיהרען דיא בע־
פעהלע פון דיא אָרגאַניזאַציאָנען און בריינגען דיא זעלבע

אין קראַפט, אָנצונעהמען מיטעל אָנגרייפענדע אָדער פער־
טהיידיגענדע אין דיא אינטערעסען פון דיא אָרגאַניזאַ־
ציאָן אָדער טרייד, און רעקאָמענדירען צו די אָרגאַניזאַ־
ציאָן אַזעלכע האַנדלונגען וויא זיי וועלען געפינען נויטיג
פאַר איהרע אינטערעסען. אַלע האַנדלונגען פון דיא עק־
זעקוטיוו באָארד זאָלען זיין אונטערוואָרפען צו דיא גוט־
הייסונג פון דעם לאָקאַל.

## אַרטיקעל 17.

### מיטגליעדערשאַפט.

סעק. 1. יעדער קלאָטה־העט און קעפּ מייקער, אָדער שטרוי און מילינערי אַרבייטער, מאַן אָדער פרוי, על־טער פון זעכצעהן יאָהר, וואָס קען דעם טרייד, מיט דער אויסנאַהמע פון אַ פאָרמאַן, פאָרליידי, אָדער אירגענד אַ פּערזאָן וואָס האָט דיא מאַכט צו אָנשטעלען אָדער ענט־לאַסען אַרבייטער, קען ווערען אַ מיטגליעד פון דיא יו־נייטעד קלאָטה העט און קעפּ מייקערס אָף נאָרטה אַמע־ריקא.

סעק. 2. יעדער פּערזאָן, וואָס פערלאַנגט צו ווערען אַ מיטגליעד פון דיא י. ק. ה. ענד ק. מ. אָף נ. א. זאָל אויספילען אַן אַפּליקיישאָן פאַר מיטגליעדערשאַפט, און ענטפערען אויף אַלע פראַגען וועלכע זיינען אָנגעגעבען אין דער זעלבער.

דיא אַפּליקיישאָן זאָל געשיקט ווערען צום דזש. סעק.־טרעזש., און ווען ער הייסט עס גוט, זאָל דער אַפּליקאַנט אָנגענומען ווערען אַלס מיטגליעד.

סעק. 3. אירגענד אַ פּערזאָן וואָס מאַכט פאַלשע בע־הויפּטונגען ביין אַריינגענומען ווערען אין דער יוניאָן, און וועלכער איז צוליעב דעם אַנערקענט געוואָרען אַלעס מעמבער, זאָל סוספּענדירט ווערען און פאָלגליך פערלירען דאָס רעכט צו קראַנקען בענעפיט.

סעק. 4. קיין פערזאָן, וואָס איז אויסגעשלאָסען, סוספענדירט, געשטריכען אָדער וואָס איז צוריקגעוויזען פון אירגענד וועלכען לאָקאַל יוניאָן, זאָל זיין בערעכ־טיגט צו מיטגליעדערשאַפט ביז וואַנען אַלע פריהערדיגע שטרייטיגקייטען זייגען ערלייזיגט צו צופריעדענהייט פון לאָקאַל יוניאָן, וואָס האָט דיא קלאַגען געגען דיע־זען פערזאָן.

סעק. 5. דיא איינטריטס געלד פאר אַ מיטגליעד צו דיא י. ק. ה. און ק. מ. אָף נ. א. זאָל זיין ניט וועניגער פון 8 דאָל. און 25 סענט פאַר אַ מאַן מיטגליעד, און ניט וועניגער פון 5 דאָל. און 25 סענט פאַר אַ פרוי מיטגליעד, און ניט העכער פון 25 דאָל., וועלכעס זאָל שוין אויך אַריינרעכענען אַלע צאָהלונגען צו דיא פערשיעדענע פאָנדס.

סעק. 6. קיין מיטגליעד פון דיא י. ק. ה. און ק. מ. אָף נ. א. קען אין איין און דער זעלבער צייט בע־לאַנגען צו אַן אַנדער אָרגאַניזאַציאָן פון זעלבען פאַך, אָדער אירגענד טרייד; אין אַזאַ פאַל זאָל דער מיטגליעד שטראפירט אָדער אויסגעשלאָסען ווערען פון די י. ק. ה. און ק. מ. אָף נ. א.

סעק. 7. יעדער מיטגליעד זאָל בעקומען אַ מיטגליעד בוך פון זיין לאָקאַל יוניאָן, וועלכע ער מוז צייגען צו דעם שאַפּ טשערמאַן אָדער שאַפּ קאָמיטע פון דעם שאַפּ וואו ער געהט אַרבייטען. אָהנע אַ מיטגליעד בוך זאָל ער ניט ערלויבט זיין צו אַרבייטען.

סעק. 8. יעדעס מיטגליעדס בוך איז דאָס אייגענ־טהום פון דער יוניאָן, און דער לאָקאל קען עס ביי אַלע צייטען אַוועק נעהמען פון דעם מיטגליעד, ווען ער גע־פינט פאַר נויטיג.

סעק. 9. יעדער מיטגליעד זאָל צאָהלען 25 סענט

אַלס אַ וועכענטליכע דיוס. פרויען לאָקאַלס זיינען איין אויסנאַהמע און קענען מאַכען זייערע וועכענטליכע בייטרעגע ניט ווענינער פון 15 סענט.

סעק. 10. מיטגליעדער, וועלכע קויפען נאָן־יוניאָן וואַארע דאַן, ווען מען קען בעקומען וואַארע מיט׳ן יוניאָן לייבעל, זאָלען שטראַפירט ווערען ביי דעם לאָקאַל יוניאָן ניט מעהר וויא מיט 1 דאָלאר אין איין צייט.

סעק. 11. יעדער מיטגליעד איז פערפפליכטעט ביי־צואוואָהנען דיא שאַפּ מיטינגען, וויא אויך דיא יוניאָן מיטינגען.

סעק. 12. ווען אַ מיטגליעד ענדערט זיין וואָהנונג, אָדער פערליערט זיין יוניאָן בוך, מוז ער עס גלייך מעל־דען דעם סעקרעטער.

סעק. 13. יעדער מיטגליעד וואָס איז אַם סטרייק מוז 2 מאָל טעגליך, איין מאָל בעפאָר מיטאָג, און איין מאָל נאָך מיטאָג ערשיינען צום מיטינג פון זיינע סטרײַ־קענדע ברידער.

סעק. 14. יעדער מיטגליעד, וועלכער פערלאָזט דאָס לאַנד, אָדער דעם טרייד, קען זיך צוריקציהען פון מיט־גליעדערשאַפט פון דער אָרגאַניזאַציאָן, ווען ער בע־צאָהלט אַלע דיוס און אַסעסמענטס, וואָס ער שולדעט ביז דעם דאַטום פון צוריקציהען, און זאָל אויך צוריקקעה־רען צו דעם לאָקאַל דעם מיטגליעדערשאַפט בוך. ווען זאָ איינער וויל אַבערמאלס אַ מיטגליעד ווערען, זאָל ער אַריינגענומען ווערען מיט $3.25 איינטריטס געלד, ווען ער קען איבערצייגען דאָס אין דער צייט פון דעם צו־ריקציהען זיך, וואַר ער אויסער דעם טרייד.

סעק. 15. יעדער מיטגליעד וואָס ווינשט אַוועקצו־פאָהרען אין אַן אַנדער שטאָדט, זאָל פערלאַנגען פון פי־נאַנס סעקרעטער פון זיין לאָקאַל אַ קליִרענס קאַרד, וועל־

כע זאָל איהם געגעבען ווערען פון דעם פינאַנס סעקרעטער, ווען דער מיטגליעד האָט אַלע זיינע דיוס און אַסעסמענטס אָבגעצאָהלט און אויך ווען אין יענער שטאָדט איז ניטאָ קיין שטרייטיגקייטען צווישען דער יוניאָן און באָסעס.

סעק. 16. דיא פריהערדיגע סעקשאָן זאָל ניט פערטייטשט ווערען צו מיינען, דאָס ווען אַ מעמבער קריגט אַ קלירענס קאַרד און געהט איבער אין אַן אַנדער לאָקאַל, דאָס ער מעג אויך אַרבייטען ביי אַן אַנדער ברענטש פון קאָפּען טרייד.

סעק. 17. מיטגלידער וואָס האָבען קאָנסטיטוציאָנעל אַרויסגעגעבענע קלירענס קאַרדס, מוזען אריינגענומען ווערען אין דיא לאָקאַלס צוא וועלכע זיי טראַנספערירען זיך. אין אַ פאַל אַ לאָקאַל קען איבערצייגען דאָס אַזאַ מיטגליעד איז אַריינגעטראָטען אין דער אָרגאַניזאַציאָן דורך פאַלשע בעהויפּטונגען, זאָל דער לאָקאַל פערקלאָגען דיעזען מיטגליעד צוא דער דזש. ע. ב.

סעק. 18. פּערזאָנען וואָס אַרבייטען אין שטעדט וואו עס עקזיסטירט ניט קיין לאָקאַל יוניאָן, און וועלכע זיינען בערעכטיגט צו מיטגליעדערשאַפט לויט דיעזער קאָנסטיטוציאָן, זאָלען ערלויבט זיין צו אַריינקומען אַלס מעמבערס עט לאַרדזש, ווען זיי וועלען איינצאָהלען צום דזשענעראַל אָפיס דיא נויטיגע קאָנסטיטוציאָנעלע ביי־טרעגע.

סעק. 19. מעמבערס וואָס זיינען ריקשטעהענד אין זייערע דיוס פאַר צוויי מאָנאַט, זאָלען גענצליך סוספּענדירט ווערען און זאָלען פאָלגליך פערלירען דאָס רעכט צו קראַנקען בענעפיט.

סעק. 20. ווען אַ מיטגליעד, וואָס איז סוספּענדירט אָדער אויסגעשלאָסען געוואָרען, וויל ווידער אריינקומען

אין דיעזער אָרגאַניזאַציאָן, דאַן זאָל ער איינצאָהלען דיא סומע פון פינף דאָל. (פרויען — דריי דאָל.) פאַר דעם אַלגעמיינעם פערטהיידיגונגס פאָנד גראַדע וויא אַ נייער מיטגליעד.

סעק. 21. קיין מיטגליעד פון דיא י. ק. ה. און ק. מ. אָף נ. א. זאָל שעדיגען דיא אינטערעסען פון אַנדערע דורך אַרבייטען פאַר קלענערע פרייזעס אָדער דורך איר־גענד אַנדערען אַבזיכטליכען וועג.

סעק. 22. אַלע פערהאַנדלונגען פון א לאָקאַל יוניאָן זאָלען געהאַלטען ווערען שטרענג געהיים פון דיא באָ־סעס, סיידען עס ווערט אַנדעריש בעשלאָסען דורך אַן אב־שטימונג פון לאָקאַל.

סעק. 23. אירגענד וועלכער מיטגליעד וואָס איבער־טרעט אירגענד אַ פּונקט פון דיעזער קאָנסטיטוציאָן, קען שטראפירט אָדער אויסגעשלאָסען ווערען, לויט וויא דיא לאָקאַל יוניאָן וועט בעשליסען.

## אַרטיקעל 18.

### אַלגעמיינע געזעצע.

סעק. 1. קיין מעמבער האָט אַ רעכט אין אירגענד וועלכען שאָפּ צו אַרבייטען אונטער אַן אַנדער סיסטעם, אויסער דיא סיסטעם, וואָס עקזיסטירט אין דעם שאָפּ אין זיין ברענטש, אָהנע דיא ערלויבניס פון לאָקאַל יו־ניאָן אָדער לאָקאַל עקזעקוטיוו באָארד. עס זאָל זיין דיא אויפגאַבע פון דיא לאָקאַלס און מעמבערס פון דיא י. ק. ה. און ק. מ. אָף נ. א. אומצובייטען דיא סיסטעם פון שטיק אויף וואָך אַרבייט, אום אויסצוגלייכען דיא אַר־בייטס־בעדינגונגען אין טרייד.

סעק. 2. דיא פרייז פאַר וואָך אַרבייט זאָל זיין ניט וועניגער וויא פופצעהן (15) דאָל. אַ וואָך פאר מענער,

און ניט ווענינער וויא צעהן (10) דאָל. אַ וואָך פאר פרויען.

סעק. 3. דיא אַרבייטס שטונדען זאָלען זיין ניט מעהר וויא 50 אַ וואָך, און זיי זאָלען זיין וויא פאָלגט: יעדען טאָג, (אויסער שבת) פון 8 אוהר אין דער פריה ביז 12 ביטאָג, און פון 1 אוהר נאָכמיטאָג ביז 6 אוהר פאַרנאַכט; שבת — פון 8 אוהר אין דער פריה ביז 1 אוהר נאָכמיטאָג. עס זאָל אָבער זיין דיא אויפגאַבע פון דיא י. ק. ה. און ק. מ. אָף נ. א., איהרע לאָקאַלס און מיטגליעדער צו פערקלענערען דיא אַרבייטס שטונדען שטופּענוויז ביז אַכט (8) אַ טאָג.

סעק. 4. נאַכט־אַרבייט, אָדער אויבער־צייט אין אַן אַנדער פאָרמע, איז ניט ערלויבט אונטער קיינע אומ־שטענדען. אויסנאַהמע ווען אַלע מיטגליעדער פון דער יוניאָן זיינען בעשעפטיגט.

סעק. 5. יעדער שאַפּ זאָל אויסערוועהלען פון דיא מיטגליעדער וואָס אַרבייטען דאָרט אַ טשערמאַן, אָדער אַ טשערמאַן און קאָמיטע, וועמעס פליכט זאָל זיין אויפצו־פּאַסען דאָס אַלע געזעצע פון דער יוניאָן זאָלען דורכגע־פיהרט ווערען, וויא אויך דאָס אַלע זאָלען פּינקטליך צאָה־לען זייערע דיוס, און דאָס נאָר דיא יעניגע זאָל ער־לויבט זיין צו אַרבייטען, וועלכע האָבען אַ יוניאָן־בוך.

סעק. 6. יעדער מיטגליעד מוז בעצאָהלען פאר דער קאָנסטיטוציאָן און ביכעל נאָך דיא בעשליסע פון זיין לאָקאַל יוניאָן.

סעק. 7. קיין אָפיסער פון דיא יונייטעד קלאָטה העט ענד קעפּמייקערס אָף נאָרטה אַמעריקאַ, בעצאָהלטער אָדער ניט בעצאָהלטער, האָט דאָס רעכט, צו אַגיטירען מינדליך אָדער שריפטליך פאר אַ קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטיי.

סעק. 8. קיין מיטגליעד פון דיא יונייטעד קלאָטה

העט ענד קעפּמייקערס אָף נאָרטה אַמעריקא, זאָל ערלויבט זיין צו בעלאַנגען צו דער מיליץ.

סעק. 9. ווען אַ לאָקאַל יוניאָן איז קורץ אין אַר־בייטער פון אירגענד וועלכען ברענטש פון קאַפּען־טרייד זאָל דיא דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד האָבען דאָס רעכט צו ערלויבען צעהן פּראָצענט (10%) אַפּרענטיסעס, ווען דער לאָקאַל פערלאַנגט דאָס.

סעק. 10. אַ פאָטער האָט אַ רעכט צו לערנען זיינע קינדער דעם טרייד.

סעק. 11. ווען אַ לאָקאַל יוניאָן בעשעפטיגט אַן אָרגאַניזער, זאָל עס זיין זיין פפליכט צו בעזוכען דיא אָרגאַניזירטע שעפּער און זעהען דאָס דיא דיוס און אַסעסמענטס זאָלען פּינקטליך געצאָהלט ווערען. ער זאָל אויספיהרען אינסטרוקציאָנען פון דער עקזעקוטיוו באָארד אָדער לאָקאַל יוניאָן און זאָל אויך אויפפּאַסען דאָס אַלע בעשליסע פון דער עקזעקוטיוו באָארד און לאָ־קאַל יוניאָן זאָלען ביי דיא מיטגליעדער פּינקטליך דורכ־געפיהרט ווערען.

סעק. 12. קיין מיטגליעד פון דיא יונייטעד קלאָטה העט ענד קעפּמייקערס אָף נאָרטה אַמעריקאַ זאָל אַרביי־טען דעם 1טען מאַי, דעם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטער פייערטאג.

## אָרדנונגס־געזעצע פאַר לאָקאַל יוניאָנס.
## געשעפטס־אָרדנונג.

1. רופען דיא פערזאַמלונג צוא אָרדנונג.
2. פאָרלעזען דיא נעמען פון דיא בעאַמטע.
3. פאָרלעזונג פון פּראָטאָקאָל.
4. אויפנאַהמע פון נייע מעמבערס.
5. צושריפטען און בילס.
6. בעריכטען פון קאָמיטעס.

7. בעריכטען פון בעאַמטע.
8. יוניאָן לייבעל אַגיטאַציאָן.
9. אונערלעדיגטע געשעפטען.
10. ערוועהלונג און אינסטאָלירונג פון בעאַמטע.
11. נייע געשעפטען.
12. צום וואָהל און בעסטען פון דער יוניאָן (דיס־קוסיאָנען איבער עקאָנאָמישע פראַגען).
13. שלוס פון מיטינג.

## פאַרלאַמענטאַרישע רולס.

רול 1. דיא רעגעלמעסיגע געשעפטס־אָרדנונג קען סוספענדירט ווערען דורך אַ פאָרשלאַג, אָנגענומען פון אַ מאַיאָריטעט שטימען פון דיא אַנוועזענדע מעמבערס.

רול 2. אַ פאָרשלאַג קען אויפגענומען ווערען פון טשערמאַן און פאָרגעלעגט פאַר דעם מיטינג נור דאַן, ווען דער פאָרשלאַג ווערט אונטערשטיצט.

רול 3. אַ מעמבער קען צוריקציהען זיין פאָרשלאַג מיט דער צושטימונג פון דעם מעבער וואָס האָט איהם אונטערשטיצט; ווען אָבער אַ פאָרשלאַג ווערט דעבאַטירט, קען ער ניט צוריקגעצויגען ווערען, סיידען דורך אַ מאַיאָריטעט שטימען.

רול 4. מיטגליעדער, וועלכע ווילען אַנטהייל נעהמען אין אַ פראַגע, מוזען זיך אויפשטעלען און פערלאַנגען דאָס וואָרט פון טשערמאַן, און דאַן רעדען. ווען צוויי אָדער מעהרערע מיטגליעדער פערלאַנגען דאָס וואָרט צו גלייכער צייט, דאַן זאָל דער טשערמאַן ענטשיידען ווער פון זיי זאָל רעדען פריהער.

רול 5. קיין מעמבער זאָל רעדען מעהר וויא איין מאָהל אין איין פראַגע, ביז אַלע מעמבערס וואָס האָבען זיך געמאָלדען צום וואָרט האָבען ניט אָפּגערעדט, און ניט

מעהר וויא צוויי מאָהל, סיידען דורך אַ ספּעציעלער ער־לויבנים.

רול 6. יעדער מיטגליעד, ווען ער רעדט, זאָל זיך האַלטען צו דער פראַגע וואָס ווערט דעבאַטירט, און אויס־מיידען אַלע פּערזענליכקייטען און אונאַנשטענדיגע שפּראַך, וויא אויך שלעכטע בעמערקונגען וועגען דער יו־ניאָן אָדער איהרע מיטגליעדער.

רול 7. מיטגליעדער וועלכע געברויכען אונפּאַסענ־דע ווערטער ווערען גערופען פון פּאָרזיצענדען צו אָרד־נונג, ווען זיי טהוען דאָס זעלבע נאָך אַ מאָל, זאָ פער־ליערען זיי דאָס רעכט צו רעדען אין פערלויף פון דער פערזאַמלונג; ביים דריטען אָרדנונגס־רוף, קען דער פאָר־זיצענדער דיא פּערזאָן פערווייזען פון לאָקאַל; יעדאָך האָט יעדער מיטגליעד דאָס רעכט צו אַפּעלירען צו דער פערזאַמלונג, און ווען דיא פערזאַמלונג האָט ענטשיעדען געגען דיא פּערזאָן, זאָ מוז דיא בעטרעפענדע פּערזאָן פערווייזען ווערען פון לאָקאל אויף וויא לאנג דיא יוניאָן בעשליסט.

רול 8. קיין מעמבער זאָל אונטערברעכען אַ צווייטען ווען יענער רעדט, אויסער ווען ער וויל שטעלען אַן אָרדנונגס־פראַגע; דאַן מוז ער פערלאַנגען פון טשערמאַן אַ „פּוינט אָף אָרדער“ און מוז ערקלעהרען זיין פּונקט, און דער טשערמאַן זאָל עס ענטשיידען אָהנע דעבאַטען.

רול 9. ווען אַ רעדנער ווערט גערופען צו אָרדנונג, זאָ מוז ער אויפהערען צו רעדען ביז דער פּוינט אָף אָרדער ווערט ענטשיעדען, און ווען דיא ענטשיידונג איז צום גונסטען דעם רעדנער, דאַן זאָל ער פאָרטזעצען זיין רעדען.

רול 10. ווען אַ מיטגליעד איז אונצופריעדען מיט אַן ענטשיידונג פון טשערמאַן געגען איהם, דאַן זאָל ער אַפּעלירען געגען דער ענטשיידונג צום לאָקאַל מיטינג.

רול 11. אויב עס ווערט אַפּעלירט געגען דיא ענט־שיידונג פון טשערמאַן, זאָל ער פון טשער ערקלערען זיין ענטשיידונג און דיא גרינדע פאַר דיא זעלבע. דער אַפּעלירענדער מעמבער זאָל דאַן קורץ ערקלערען דיא גרינדע פון זיין אַפּיעל; און גלייך נאָכדעם זאָל אָהנע וויטערע דעבאַטען פאָרגעלעגט ווערען דיא פראַגע פאַר אָבשטימונג: „זאָל דיא ענטשיידונג פון טשער בלייבען בעשטעהען אַלס דיא ענטשיידונג פון דער יוניאָן?“

רול 12. דער טשערמאַן זאָל ניט רעדען איבער קיין פראַגע, סיידען ווען ער געהט אַרונטער פון טשער, מיט דער אויסנאַהמע ווען ער דאַרף ענטשיידען אַ פּוינט אָף אָרדער, אָדער אין פאַל פון אַן אַפּיעל געגען זיין ענט־שיידונג.

אין פאַל דיא צאָהל שטימען דאַפיר און דאַ־געגען אַ געוויסע פראַגע איז אַ גלייכע, זאָל דער טשער־מאַן האָבען דאָס רעכט צו אָפּגעבען זיין שטימע צו ענט־שיידען דעם וואוט.

רול 13. ווען אַ פאָרשלאַג ווערט דעבאַטירט, זאָל קיין אַנדערער ניט פאָרגענומען ווערען, אויסער: 1) צו שליסען דעם מיטינג; 2) צו לעגען אויף דעם טיש; 3) צו שטימען דיא הויפּט פראַגע; 4) צו שליסען דיא דעבאַטע; 5) צו שליסען דיא רעדנער ליסטע; 6) צו אָפּלעגען אויף אַ בעשטימטע אָדער אונבעשטימטע צייט; 7) צו איבערשיקען; 8) צו פערוויזען; 9) צו אַמענ־דירען. דיעזע פאָרשלעגע מוזען צוערשט פאָרגענומען ווערען אין דעם אָרדער וויא עס איז דאָ געשריבען. דיא ערשטע פינף דאַרפען געשטימט ווערען אָהנע דעבאַטען.

רול 14. אַ פערלאַנג צו שטימען דיא הויפּט פראַגע קען געמאַכט ווערען פון יעדע זעקס מיטגליעדער, און זאָל ביין טשערמאַן פאָרגעלעגט ווערען אויף דיעזער

ווייזע: „זאָל דיא הויפט פראַגע יעצט פאָרגעלעגט ווע־
רען?“ אויב דיעזעס ווערט אָנגענומען, דאַן דאַרף דיא
הויפט פראַגע געשטימט ווערען, און אַלע איבריגע פאָר־
שלעגע, אַמענדמענטס און דעבאַטען ווערען אויסגעשלאָ־
סען.

רול 15. אַ פאָרשלאַג צו שליסען דיא דעבאַטע אָדער
שליסען דיא רעדנער ליסטע קען צו יעדער צייט געמאַכט
ווערען, ווען קיינער האַלט ניט אין רעדען. ווען דער
פאָרשלאַג צו שליסען דיא דעבאַטע ווערט אָנגענומען, דאַן
מוז דער טשערמאַן לאָזען אָבשטימען דעם פאָרליעגענדען
פאָרשלאַג מיט אַלע אַמענדמענטס אָהנע דעבאַטען.

רול 16. ווען עס ווערט געמאַכט אַ פאָרשלאַג צו
שליסען דיא רעדנער ליסטע, זאָל דער טשערמאַן פאָרלע־
זען דיא נעמען וועלכע זיינען נאָך דאָ אויפ'ן ליסט, און
נעהמען דעם פאָרשלאַג צו אבשטימונג, און ווען עס
ווערט אָנגענומען, זאָל יעדער איינער אויפ'ן ליסט קרי־
גען דאָס וואָרט נאָך דער רייהע ביז צו ענדע, מיט דער
אויסנאַהמע ווען עס ווערט געמאַכט אַ פאָרשלאַג צו שלי־
סען דיא דעבאַטע.

רול 17. ווען אַ פאָרשלאַג איז ענטשיעדען דורך
דיא אבשטימונג, זאָ קען אַ מיטגליעד וואָס האָט גע־
שטימט מיט דער מאַיאָריטעט מאַכען אַ פאָרשלאַג מען
זאָל דיא פראַגע נאָך אַ מאָל פערהאַנדלען ביי דיעזען
אָדער נעקסטען מיטינג.

# MEMBERSHIP BOOK.

Member ....................................

Local No..........Local Ledger No...........

Branch of Trade...........................

Initiated .....................................

Gen. Office Register No......................

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| July | | | | | |
| Aug. | | | | | |
| Sept. | | | | | |
| Oct. | | | | | |
| Nov. | | | | | |
| Dec. | | | | | |

